דוד ראָדין

*

# יונג און ייִנגער

לידער און מעשהלעך אין גראַמען

**DAVID RODIN**

YOUNG AND YOUNGER

I. L. Peretz Publishing House

31, Allenby St. Tel Aviv

דוד ראָדין / יונג און יינגער

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, רח׳ אלנבי 31





נדפס בישראל תש״ל

Printed in Israel 1970

נדפס בקואופרטיב עובדי הדפוס הכללי בע״מ, תל־אביב

# אַ וואָרט פון מחבר

„יונג און ייִנגער״ איז אַרויסגעוואָקסן פון דעם וואָס איך האָב זיך געניייטיקט אין צוגאָב־מאַטעריאַלן צו די ערשטע טעקסט־ביכער, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר די קלאַסן פון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן; איך האָב זיך געניייטיקט אין אַ ברייטערן, מער וואַריאירטן אויסוואַל פון שפּילעוודיקע, שפּאַסיקע און ערנסטע לידער — פאַר פאַרווײַלונג, רעציטאַציע, געזאַנג און אינסצעניזירונג — סיי פאַר קינדער פון קינדערגאָרטן־עלטער און סיי פאַר קינדער פון די העכערע קלאַסן. אַזאַ מאַטעריאַל, אין די ערשטע יאָרן ווען די שולן האָבן אָנגעהויבן אויפקומען אויף דער ייִדישער גאַס פון אַמעריקע, איז ניט געווען בנמצא; און אַזוי ווי ביז יענער צייט האָב איך שוין געהאַט אַ צאָל שפּילעוודיקע לידער אָפּגעדרוקט, האָב איך זיך גענומען אַרייַנלעבן אין דער קינדער־וועלט און האָב אָנגעהויבן שאַפן פאַר זיי. אויף אַזאַ אופן זענען אויך אַרויסגעוואָקסן „די דריי באַרימער״, „ווינקאַ־ווינקעלע״, מעשהלעך אין גראַמען, „טייבעלע״, „דער שמעטערלינג״ און נאָך, און נאָך.

כמעט דער גאַנצער מאַטעריאַל, וואָס איך האָב אָפּגעקליבן פאַר דעם בוך, איז געווען געדרוקט אין די קינדער־זשורנאַלן פון צפון־אַמעריקע, אַרגענטינע און פוילן. איייניקע צייטונגען (איבערהויפּט די „פּרעסע״ פון אַרגענטינע) האָבן איבערגעדרוקט ניט קיין קליינע צאָל פון מייַנע שאַפונגען, און כאָטש מ׳האָט מיך אַפילו ניט אָנגעפרעגט (ווי עס פירט זיך אויף דער ייִדישער גאַס) און קיין האָנאָראַר אויך ניט געצאָלט, דאָך פרייט מיך דער פאַקט, וואָס ייִדישע קינדער פון מער ווי איין קאָנטינענט האָבן הנאה געהאַט פון דעם.

„יונג און ייִנגער״ קען פאַררעכנט ווערן ווי אַ הילפס־בוך פאַר לערער אין די ייִדישע עלעמענטאַר־שולן. דער געניטער לערער וועט גלייך דערקענען אין וועלכע פון די לידער ס׳זענען דאָ געניטונגען אין קאָנסאָנאַנטן, אין וואָקאַלן, אין עלעמענטאַרע גראַמאַטישע כללים, און אין שפּראַך.

די שפּראַך, אין אַלע מייַנע שאַפונגען פאַר קינדער, איז אַ פּשוטע און אַ דירעקטע. דערפאַר אָבער, באַזאַלצן און באַפעפערט מיט אַן אידיאָם, אַ ווערטל, אַ געדאַנק — אייַנגעטונקט אין אַ לייכטן זינגעוודיקן ריטם און צוגעפּאַסט לויטן עלטער פון קינד.

„יונג און ייִנגער״ איז אייַנגעטיילט אין זעקס טעמאַטישע טיילן; יעדער טייל פאַרענדיקט זיך מיט אַ לענגער מעשהלע אין גראַמען.

דער אָפּטייל „מומע־מירעס לידעלעך און מעשהלעך״ איז אַן אָנהייב פון אַ פּרוּוו צו שאַפן אַ פּאַראַלעל צו דער ענגלישער זאַמלונג „מאָטהער גוז ריימס״. דער טאָן און דער ריטם איז דערזעלבער, אויך איייניקע טעמעס זיינען ענלעך, אָבער דער אינהאַלט איז אַן אַנדערער.

„יונג און ייִנגער״ קומט אַרויס אויף דער ייִדישער גאַס אין אַ צייט ווען מ׳לייגט צו אַ פּעדער צום נאָז פון דער ייִדישער שפּראַך און מ׳וואַרט — איייניקע מיט אומגעדולד — אַז ס׳זאָל שוין אויפהערן אָטעמען. אָבער די אומגעדולדיקע (אַ ביטערער רחמנות אויף זיי!) זעען נעבעך ניט די גרויסע באַהאַלטענע כוחות פון ייִדיש; כוחות, וועלכע וועלן נאָך אַרויסשטראָמען און מיט פרישער ענערגיע ווייטער שאַפן קולטורעלע אוצרות אין דעם „אָגלי דאָקלינג״ — ייִדיש.

ד. ר.

בליאיקע יוגנט,
זוניקער פרילינג, —
זיינען מיר אַלע
מקנא דעם צווילינג.

## דער ווייסער הירש
### (מיראַזש)

אין שטראַל־שפּיל אויף שניי,
אין ווינטער־פרימאָרגן,
ליגט וווּנדער באַהאַלטן;
ליגט כישוף פאַרבאָרגן!
אין ווייס־ווייטן טאָל
זיך כישופט אַ מעשה
דאָרט שפּרינגט איצט און טאַנצט
אַ הירש גאָר אַ ווייסער.
אָט נעמט ער אין טאַנץ
אין לופטן באַלד שוועבן,
און הייבט אָן אין לופטן
אַ לייטער צו וועבן;
פון פראָסט און פון שטראַל
אַ לייטער צו וועבן,
און ס'הייבט אָן אין טאַנץ
אויף לייטער צו שוועבן.
צי האָט ווער אין ערגעץ
געהערט אַזאַ פאַל: —
צו וועבן אַ לייטער
פון פראָסט און פון שטראַל?
צי האָט ווער אין טרוים,
אין פאַרכישופטן גלאַנץ
געזען, אַז לייטער
זאָל שוועבן אין טאַנץ?
דער טאָל איז אַ ווייטער,
דער טאָל איז אַ ברייטער,
פאַרשווינדט אין דער ווייט
דער הירש מיטן לייטער...

# דער וואַלד דערציילט
(לעגענדע)

ש־ש־ש, דער וואַלד דערציילט אַ סוד:

איינמאָל קומט פון ווייט אַ פרעמדער אָן,
אין זיין האַנט — אַ גאָלדענע פאָן,
און נאָך אים — אַ מחנה לייט
טראָגן אוצרות פון דער ווייט.

קומט די מחנה אָן צום וואַלד,
הערן זיי אַ האָרן שאַלט
און אַ קול טראָגט אין דער ווייט:
„נאָך ניט צייט! נאָך ניט צייט!"

וווּנדערן זיך אַלע לייט:
„פאַר די אוצרות נאָך ניט צייט?"
„נאָך ניט צייט פאַר גאָלדענער פאָן?"
„קומען מיר צו פרי דאָ אָן?"

הייבט זיין האַנט די גאָלדענע פאָן,
זאָגט דער פרעמדער אַלעם אָן:
„וואַרטן דאָ! עס קומט די צייט,
רופן וועט דאָס קול פון ווייט!"

שטעלט די מחנה אוים זיך באַלד
אויף אַ לאָנקע אין דעם וואַלד,
און אין מיטן — אויבן־אָן —
שטעלט זיך פרעמדער מיט זיין פאָן.

ווי ער טוט מיט פאָן אַ ווייע,
ווערט אַ כישוף־ווינט געדריי,
וויגט זיך מחנה ווי אין טרוים,
וואַקסט פון יעדן אוים אַ בוים...

— — — — — — — — — — — — — — —

שטיל־ל־ל. דער האָרן נאָך ניט שאַלט.
שטייט פאַרכישופט נאָך דער וואַלד.
וויגט זיך איבער וואַלד אַ טרוים,
וויגט זיך טרוים פון יעדן בוים.

ווען עס זינקט די זון אין פלאַם,
צינדט די ביימער ביז צום שטאַם,
דעקט מיט בלוילעך־רויטער רו
פעלדער, וועלדער, וועגן צו, —

נויגט זיך, בויגט זיך בוים צו בוים,
פליסט אַ שעפּטשען — הערן קוים:
„רופט נאָך ניט דאָס קול פון ווייט?
„ניט געקומען נאָך די צייט?"

— — — — — — — — — — — — — — —

ש־ש־ש,דער וואַלד דערציילט אַ סוד...

# וויגליד

1

אַ-אַ, אַ-אַ, אַ!
בלאָזט אויף ים אַ ווינט אַזאַ!

האָט אַ שיף איר וועג פאַרלאָרן,
שטורעמט ים און ברויזט מיט צאָרן,
רוישט און רעוועט ווי אַ בער:
— ווער געבראַכט האָט שיף אַהער!

נעמען כוואַליעס שטיל זיך וויגן,
ווילן שיף אויף ים פאַרוויגן;
שוימען, שו-ו-שען: ש-ש-שאַ, ש-ש-שאַ!
ס'איז אויף ים אַ ווינט אַזאַ!

2

אַ-אַ, אַ-אַ, אַ!
בלאָזט אין פעלד אַ ווינט אַזאַ!

זיינען קינדער אין פעלד געלאָפן,
אויף נאַקעט ערד דאָרט איינגעשלאָפן.
וויינט דער ווינט מיט שטיל געבעט:
— קינדער האָבן ניט קיין בעט!

נעמט דאָס גאַנצע פעלד זיך וויגן,
וויגט די קינדער ווי אין וויגן:
אַ-אַ, אַ-אַ, אַ!
ס'איז אין פעלד אַ ווינט אַזאַ!

3

אַ־אַ, אַ־אַ, אַ!
בלאָזט אין וואַלד אַ ווינט אַזאַ!

איז אין וואַלד אַ קינד געקומען,
הייבט דער וואַלד אָן ווילד צו ברומען
און פאַרגייט זיך אין געוויין:
— ווי קומט אַ קינד אין וואַלד אַליין!

נעמען צווייגן פלעכטן וויגן,
ווילן קינד אין וויג פאַרוויגן;
שעפּטשען בלעטער: שאַ־אַ, שאַ!
ס׳איז אין וואַלד אַ ווינט אַזאַ!

4

אַ־אַ, אַ־אַ, אַ!
דרויסן בלאָזט אַ ווינט אַזאַ!

ים און פעלד און וואַלד זיך וויגן,
וועט מיין קינד אין וויגל ליגן.
ליו־או, ליו־או, ליו!
שלאָף, מיין טייער קינד, אין רו!

מיט דעם אַלטן ליבן ניגון
וועט דיין מאַמע דיין וויג וויגן:
אַ־אַ, אַ־אַ, אַ!
דרויסן בלאָזט אַ ווינט אַזאַ!

## אין טאַנץ

זומערדיק ציען זיך גאַסן באַגרינטע,
מיט בלומען און שאָטן און זונשטראַל באַשפּינטע.

לאָזן זיך קינדער אין גאַסן אַרויס,
שפּילן זיי, טאַנצן ראָד־איין און ראָד אויס.

באָרוועסע פיסלעך, צעפּאַטלטער קאָפּ,
שטיפעריש גייען אין ווילדן גאַלאָפּ.

טראָגט זיך אין גאַסן פון יוגנט אַ ליד,
ווערט גאָר די יוגנט פון טאַנצן ניט מיד.

קומט פון די וועגן אַ גרייז־גראָער אָן,
כאַפּט אים יונגוואַרג אַריין באַלד אין קאָן,

שליסן די הענטלעך אין ראָד אים אַריין,
דרייט זיך די יוגנט ראָד־אויס און ראָד־איין.

שמייכלט דער אַלטער מיט אויגן שוין מיד —
אויגן, וואָס האָבן ניט מער שוין קיין ליד;

פרעגט זיי דער אַלטער מיט ליפּן שוין קלוג —
ליפּן, וואָס שעפּטשען: גענוג... שוין גענוג...

„כ׳קום דאָך פון ווייטע און נאָענטע וועגן,
וועל איך אייך, קינדער, אַ רעטעניש פרעגן:

וואָס איז, אי קורץ און דאָך אַזוי לאַנג?
וואָס איז אַ פרייד, וואָס טוט אַזוי באַנג?

ווייסן דאָך קינדער פון דעם ניט צו זאָגן,
נעמט מען אין ראָד זיך נאָך ווילדער צו טראָגן.

באָרוועסע פיסלעך, צעפּאַטלטער קאָפּ,
טראָגט זיך די יוגנט אין ווילדן גאַלאָפּ.

## ליד צום וווּנדערמאַן

אַמאָל און אַמאָל איז פיל וווּנדער געשען;
די וועלט איז אַמאָל פול מיט וווּנדער געוועזן.
נו, האָבן זיך בלינדע אויף וועלט אָנגעקליבן
און האָבן דעם וווּנדער פון וועלט גאָר פאַרטריבן.

זאָל קומען, זאָל קומען דער וווּנדערמאַן,
אויף זוניקן פליגל און גאָלדן געשפּאַן;
זאָל זאָגן, זאָל זאָגן דער וווּנדערמאַן:
עס איז נאָך אַ וווּנדער אַ גרויסער פאַראַן!

פון נאָענט, פון ווייטן, קען וווּנדערמאַן זען;
און היינט, ווי פאַרצייטן, קען וווּנדער געשען.
פון גלויבן, פון ווילן, מיר שמידן אַ בריק:
— קום, וווּנדערמאַן, ברענג אונדז דעם וווּנדער צוריק!

זאָל קומען, זאָל קומען דער וווּנדערמאַן,
אויף זוניקן פליגל און גאָלדן געשפּאַן;
זאָל זאָגן, זאָל זאָגן דער וווּנדערמאַן:
עס איז נאָך אַ וווּנדער אַ גרויסער פאַראַן!

## דער ווונדער פון וואַנדער

אין לענדער אין פרעמדע
פון וועלטן פון ווייטע,
דערציילט זיך אַ מעשה אַזאַ,
פון פאַרצייטן:

געווען איז אַמאָל אַ גאָרטן,
אַ גאָרטן ווו ווונדער פלעגט בליען;
און צווישן דעם ווונדער דאָרטן,
געוואָקסן איז פליגל צום פליען.

האָבן קינדער געשפילט זיך אין גאָרטן,
געשלונגען דעם ווונדער מיט אויגן;
גענומען די פליגלען פון דאָרטן
און זיינען צו הימלען געפלויגן.

זינט דעמאָלט, דור־אויס און דור־איין,
אין קינדערשע הערצער טוט גליען
אַ בענקשאַפט צום ווונדער פון וואַנדער —
מיט פליגל אין הימלען צו פליען.

# ביים טייכל

שטיל איז דאָס טייכל — אַ שפּיגל צעגאָסן.
אַרום שטייט אַ וועלדל פאַרטיפט אין אַ דרימל.
שפּיגלען אין טייכל פאַרטראַכטע די ביימער,
שפּיגלט אין טייכל אַ בלויער דער הימל.

בלוי איז דער הימל און בלוי איז דאָס טייכל,
שווימט מיט אַ זעגל אַ ווייסן אַ שיפל, —
וויגט זיך אַ בלויער דער הימל אין טייכל,
דער זעגל, אַ ווייסער, דאָרט פלאַטערט פון שיפל.

זעגל און שיפל... אין שפּיגל פון טייכל
וויגט זיך אַ וועלטל פול טרוימען — ליו, ליו;
וויגן זיך וועלן און לויפן פון שיפל,
יאָגן צום ברעג זיך מיט פלאַפּל — פליו, פליו!

פלאַפּל — פליו, פליו... ווי שטילע געזאַנגען
וויגן זיך קלאַנגען אויף וועלן אין דרימל:
וויגט זיך אַ בענקשאַפט נאָך ווייטן, נאָך וואַנדער,
וויגט זיך מיט שיפל, מיט וועלדל, מיט הימל...

בויבעריק, נ. י., 1924

# אין וואַנדער

אַלט איז מיין וואָגן,
און אַלט איז מיין פערד,
שלעפּט זיך מיין וואָגן
אויף בליענדער ערד.

וועלט האָט פיל וועגן,
און יאָר האָט פיל טעג,
מעסט איך אוים וועגן
פון ברעגן ביז ברעג.

שלענגלט דורך פעלדער
דורך פרעמדע מיין וועג,
ווינקט מיר דורך וועלדער
אַ גאָלדענער ברעג.

גאָלדענע ברעגן,
און פעלדזן, און ים,
פאַר מיינע וועגן
ניטאָ איז קיין צאַם!

כוואַליעט צו ברעגן
אַ וואַסער גאָר טיף,
קומט מיר אַנטקעגן
אַ וואַגלענדע שיף.

לאָד איך מיין וואָגן,
און לאָד אויך מיין פערד, —
לאָז מיך שיף טראָגן
צו נייערער ערד.

ברענגט מיך מיין שיף
צו וויסטיקן ברעג, —
זאַמד איז דאָרט טיף,
און ניטאָ איז קיין וועג.

נעמט זיך דאָרט טראָגן
אויף וויסטיקער ערד
שפּור פון מיין וואָגן
און טראָט פון מיין פערד.

פון ברעג און ביז ברעגן
אין וויסטיקן לאַנד,
שנייד איך דורך וועגן
און שטעגן נאָכאַנאַנד;

איך גרונטעווע קוואַלן,
און אַקער, און זיי,
און פלאַנץ דאָרטןביימער
אין רייען נאָך ריי.

שפּראָצן אויף פעלדער
מיט זוימען פאַרזייט;
שפּרינגען אויף וועלדער
אין ווייטן צעשפּרייט.

שלעפּט זיך מיין וואָגן
אויף בליענדער ערד, —
אַלט איז מיין וואָגן,
און אַלט איז מיין פערד...

## אויף שפּאַציר

**(מאַרשליד)**

מיר גייען, מיר גייען
אין רייען צו פיר;
מיר גייען, מיר גייען
אויף אַ שפּאַציר.

מיט טראָט מיט אַ ברייטן
און העלדישן שפּאַן;
אויף אַקסל אין רוק־זאַק
איז שפּייזוואַרג פאַראַן.

מיט ליד אויף די ליפּן
מיר גייען אויף וועגן,
אַ לוסטיקער קומט אונדז
דער וואַלד אַן אַנטקעגן.

אין וואַלד זיינען צווייגן
און בלעטער שוין גרייט,
נו, פלאַקערט אַ פייער,
נו, זינגט מען מיט פרייד.

פון פּעקל דאָס עסן,
מען בראָט און מען באַקט, —
אַ פריילעכער פלאַקערט
דאָס פייער און קנאַקט.

געגעסן, געזונגען,
געשטיפט און געשפרונגען,
מיט הילכיקע לידער
דעם וואַלד שוין פאַרקלונגען.

נו, גייען מיר, גייען
אין רייען צו פיר;
מיר גייען, מיר גייען
צוריק פון שפּאַציר.

בויבעריק, נ. י., 1924

## זעלדע־קאַפּעלדע
(אין פֿאָלקס־טאָן)

זעלדע־קאַפּעלדע, גרויסע מויד!
זאָג, וואָס ווילסטו האָבן?
— איך וויל האָבן אַ ווייסע בויד
און פֿערד — ווי שוואַרצע ראָבן.

זעלדע־קאַפּעלדע, גרויסע מויד!
ס׳דאַרפֿסטו פֿערד און וואָגן?
— כ׳וועל איינשפּאַנען פֿערד אין בויד
און — איבער וועגן יאָגן!

זעלדע־קאַפּעלדע, גרויסע מויד!
וועגן זיינע ווילדע!
— אַך, ווי גוט מיט פֿערד און בויד
איבער וועגן ווילדע!

זעלדע־קאַפּעלדע, גרויסע מויד!
ביסט נאָך יונג אין יאָרן!...
— יאָרן וואַרטן אויף די וועגן, —
כ׳וועל צו זיי דערפֿאָרן!...

מעמפיס, 1927

## קאַפּיטאַן! אָ, קאַפּיטאַן!

קאַפּיטאַן! אָ, קאַפּיטאַן!
ס'איז אַ וווּנדער־שיף פֿאַראַן!
לאָמיר איבער וואַסער־וועגן
וואַנדערן, — צו ווייטע ברעגן!

— איך בין ניט קיין קאַפּיטאַן.
קינד מיינס, טרוימסט פֿון שיפֿן?
ס'איז קיין וווּנדער־שיף פֿאַראַן
אויף דעם ים דעם טיפֿן.

קאַפּיטאַן! אָ, קאַפּיטאַן!
ס'איז אַן עראָפּלאַן פֿאַראַן!
לאָמיר פֿליען צו די הייכן,
הויכע הימלען צו דערגרייכן!

— איך בין ניט קיין קאַפּיטאַן.
קינד מיינס, טרוימסט פֿון הייכן?
ס'איז קיין עראָפּלאַן פֿאַראַן
הימלען צו דערגרייכן.

קאַפּיטאַן!, אָ, קאַפּיטאַן!
אויך בײַ דיר איז טרוים פֿאַראַן!
לאָמיר מיט די וווּנדער־שיפֿן
קרייצן ימען ווייטע, טיפֿע...

לאָמיר פֿליען צו די הייכן,
הויכע הימלען צו דערגרייכן...
ס'איז אין טרוים קיין צאַם פֿאַראַן, —
קאַפּיטאַן! אָ, קאַפּיטאַן!

מעמפיס, 1927

# אין דעם יונגן פרילינג־פרי

אין דעם יונגן פרילינג־פרי —
ציף, ציף, ציף! און טווי, טווי, טווי!
פליטער־פלאַטערן אַזוי
פייגל, פייגל, אַלערליי!

פליטער־פלאַטערן אַרום
צווישן בוים, און גראָז, און בלום —
ציף, ציף, ציף! און טווי, טווי, טווי!
פול מיט פרייד אין יעדן פלי.

פול מיט פרייד און פול געזאַנג,
און מיט טווידל־טווענגל־טוואַנג
פלי נאָך פעדער, פלי נאָך שטרוי,
פלי נאָך צווייגל צום געבוי.

און אַזוי מיט טווידל־טווי,
און אַזוי מיט פליים און מי
ווערט געפלאָכטן רונדע נעסט
פון די ליבע גוטע געסט.

# פייגעלעס וויגליד

צווישן גרינע צווייגעלעך,
אויף דעם הויכן בוים,
האָב איך מיינע פייגעלעך
אויסגעבויט אַ היים.

ליגן מיינע פייגעלעך,
ליגן דאָרט אין רו.
ווינטל וויגט די צווייגעלעך,
וויגט זיי — ליו, ליו, ליו.

ס'האָט דער טאָג דורך לינדן ווינט
זון און פרייד געזייט,
און שוין פליגל פלאַמיקן
אויף מעריב־וועג פאַרשפּרייט.

און אין פּורפּור איינגעהילט
שפּרייט זיך שטיל די נאַכט.
ווערט מיין ליד אויך איינגעשטילט
מיט דער שטילער נאַכט.

שלאָפן וועלן פייגעלעך,
שלאָפן שטיל אין רו.
ווינטל וויגט די צווייגעלעך —
ליו־ליו, ליו־לו, ליו.

# אין אַ רעגן־נאַכט

נאַכט, עס גייט אַ רעגן,
פינצטער איז און נאַס.
שטייען שטום די הייזער,
שטיל און טויט די גאַס.

ליב איך דאָך דעם רעגן,
ליב אויך זומער־נאַכט,
לאָז איך זיך אין רעגן,
גיי איך מיר פאַרטראַכט.

וואַנדער איך דורך גאַסן —
אַלצדינג שלאָפט אין רו;
דורך די בלינדע פענצטער
לייכט זיך ווו־ניט־ווו.

און די ביימער שטייען,
הערן שטיל זיך איין
ווי דער רעגן זיפט זיך
אַזוי דין און פיין.

און די טראָפנס פאַלן,
קושן יעדעס בלאַט;
וויגן זיך די צווייגן,
רוישן שטיל און מאַט.

פאַלט און פאַלט דער רעגן,
פאַלט און פאַלט אָן ציל;
עפּעס וואָס דערציילט ער,
עפּעס זינגט ער שטיל.

כ׳וואָלט געוואָלט דאָך וויסן
וואָס דער רעגן זינגט,
ווייס איך דאָך זיין שפּראַך ניט,
הער איך נאָר עס קלינגט.

הער איך טראָפּנס קלינגען
טרויעריק און זאַכט
מיט אַ תהילים-ניגון
אין דער שטילער נאַכט.

טאָראָנטאָ, 1918

# געזאַנג פון שניט

קלינגענדיקע קלאַנגען
טראָגן זיך מיט ציטער,
וויגן זיך אויף זאַנגען
איבער פעלדער ברייט.

וויגן זיך אין קלאַנגען
און אין ליד פון שניטער
זוניקע די זאַנגען
איבער פעלדער ברייט.

זוניקע די זאַנגען
פאַלן רייף אַרונטער
אונטער קאָסע־קלאַנגען
איבער פעלדער ברייט.

קלינגען קאָסע־קלאַנגען,
זינגען שניטער מונטער,
הילכן אַפּ געזאַנגען
איבער פעלדער ברייט.

זינגען שניטער, זינגען;
קלינגען קאָסעס, קלינגען:
זיין וועט הײ־יאָר גרינגער!
זיין וועט הײ־יאָר ברויט!

## מיין זון

וואָס סע קען זיך פאַרלויפן — האָט זיך פאַרלאָפן:
(אַזוינס און אַזעלכעס האָט נאָך ניט געטראָפן!)
זעט, מיין זון איז איינגעשלאָפן
אין די זאַכן אָנגעטאָן —
אין די זאַכן אָנגעטאָן!

פיסלעך — באָרוועס; פלאָם אין בעקלעך;
און אויף הענטלעך — ווייסע זעקלעך
אָנשטאָט הענטשעקעס אָנגעטאָן.
מ׳האָט געשפּילט אין „גענעראַלן"
און מען איז אין „שלאַכט" געפאַלן...

אָט אָ ליגט דער „העלד" מיט צוגעמאַכטע אויגן
אַריינגעטאָן אין טיפן שלאָף.
זיין מאַמע, איבער אים געבויגן,
פליסטערט תפילהדיק: „מיין זון, איך האָף,
וועסט נאָך, מיט גאָטס הילף, אַ חתן ווערן".
און צאַרט, און ליב זי קושט זיין הויכן שטערן.

## גוט יום־טוב

אין זייד און אין סאַמעט! — גוט יום־טוב, אייך ביידן! —
וואָס טוט איר אין קערבעלע טראָגן?
„מיט טאָרטן און פרוכטן מיר גייען צום זיידן,
מיר גייען ׳גוט יום־טוב׳ אים זאָגן".

איז גייט געזונט, קינדערלעך! איילט זיך צום זיידן! —
עס שפיגלט די זון זיך אין ביידן!
אַ יום־טוב אַ ליכטיקן מיט נחת און פריידן,
צוויי אייניקלעך טראָגן צום זיידן!

## וויגליד

זון איז שוין אין רויט פאַרגאַנגען,
לעשט זיך הימל, שטילן קלאַנגען,
שלאָפן וועט מיין קינדעניו —
ליו־או, ליו־או, ליו!

פויגל שלאָפט שוין אין זיין רו,
וויגט אַ צווייגל־וויג אים צו.
שלאָפן וועט מיין קינדעניו —
ליו־או, ליו־או, ליו!

ווינטל סודעט סוד דעם וואַלד,
און שלאָפט איין אויף ביימער באַלד.
שלאָפן וועט מיין קינדעניו —
ליו־או, ליו־או, ליו!

טייכל וויגט זיך שטיל און זאַכט,
וויגט אין טייכל בלויע נאַכט.
שלאָפן וועט מיין קינדעניו —
ליו־או, ליו־או, ליו!

שווימט אין רו די שטילע נאַכט,
ווינקען שטערן: גוטע נאַכט.
גוטע נאַכט, מיין קינדעניו —
ליו־או, ליו־או, ליו!

# דער וואַלד

וויגט אַ שטורעם־ווינט דעם וואַלד,
צאַרנט ווילד און וואָרנט: „וו־וו־וו!
קומען וועט דער ווינטער באַלד!
גרייט זיך, אַלטער, גרייט זיך צו!"

רוישט מיט פרייד דער טיפער וואַלד:
זוימען האָט ער, — וואָס די שרעק?
לאָזט ער זיי אין שטורעם באַלד,
לאָזט ער זיי צום ווינט אַוועק.

רעוועט ווינט און שפּינט און דרייט,
כאַפּט די זוימען, טראָגט אַרום
איבער פעלדער ווייט און ברייט —
שפּרייט די זוימען אומעטום.

לאַכט פון שטורעם אַלטער וואַלד:
מיט דיין רויש און רעש און גוואַלד
ברענגען וועסטו פרילינג באַלד —
אויפגיין וועט אַ נייער וואַלד.



## דער גאַסט

פון האַרבסטיקע ווייטן אָנזאָגער רייטן:
עס קומט באַלד אַ גאַסט פון דער ווייטן!
אין פּעלץ אין אַ ווייסן, אויף שליטן אויף ברייטן
שוין טראָגט זיך דער גאַסט פון דער ווייטן.

אויף שליטן אויף ברייטן באַלד קומט ער צעשפּרייטן
זיין פּוכיקן צודעק אויף פעלדער;
די טייכן מיט גלאָזיקן טישטוך באַשפּרייטן,
מיט זילבער באַהויכן די וועלדער.

און ווייס־ווייכע־ווייטן פון אַלע פיר זייטן
מיט זונען צעפינקלען אַנטקעגן;
און פרייד באַנייטע פון וועלטן פון ווייטע
צעזייען צעשפּרינקלען אויף וועגן.

# ווינטער גייט

שטורעם-ווינט, און שניי, און פראָסט,
האָבן זיך אויף וועלט געלאָזט.
זיינען זיי דאָך אַלע ברידער,
און זיי זיינען שטאַרקע שמידער, —
גייען זיי די שטורעם-ברידער,
און זיי זינגען ווינטער-לידער.

ווינטען וואָיען, ווייען,
זינגען זיי און גייען.

קומען זיי אָן צו אַ טייך,
נעמען זיי זיך שמידן גלייך:
ס'טוט דער שטורעם-ווינט אַ וואָיע,
און דער שניי טוט ווילד אַ שאָיע,
און אַ פרעסטל טוט אַ קוויטש,
און דער פראָסט זינגט: ריטש, ריטש, ריטש!
וואָיע, שאָיע, ריטש און קוויטש,
ווערט פאַרצויגן גלייך אַ גליטש —
אַ ווייסע בריק, גאָר גלאַט און גלייך,
ליגט שוין פאַרטיק איבערן טייך.
ווידער טוט דער ווינט אַ וואָיע,
און דער שניי טוט ווילד אַ שאָיע,
ווערט אַ ווייכער וועג פאַרשפּרייט,
גייט מען ווייטער און מע גייט.

ווינטן וואָיען, ווייען,
זינגען זיי און גייען.

הערט דאָס זינגען קינד-און-קייט,
מאַכט מען: בר-ר-ר! ווינטער גייט!

# אין אַ ווינטער־נאַכט

ווינטער, ווייסע נאַכט —
ס׳רופט דער פראָסט און שניי.
שטערנדלעך פאַרטראַכט
ווינקען: גיי, גיי, גיי!

גיי אויף ווייסן וועג,
שניי וועט לאַנג ניט בלייבן!
וועסטו אויף דיין וועג
שטערנדלעך אָנקלייבן.

ציט זיך ווייסער וועג
ביז צום הימל־ראַנד.
גיי איך שוין אויף וועג —
שטערן אין מיין האַנט.

שטערנדלעך אין האַנט
וועלן זיך צערינען,
וועל איך מיר ביים ראַנד
נייאינקע געפינען.

גיי איך מיר אַזוי,
פראָסט זינגט אונטער טריט,
און אין הימל בלוי
זינגען שטערן מיט.

## אַ ווינטער־מעשה

דער פראָסט האָט די זון מיט אַ שלייער פאַרהאַנגען,
און האָט אין איר אָרט גאָר אַ שפּין אויפגעהאַנגען —
אַ גרויסע, אַ גרויע, אַ רונדיקע שפּין,
מיט פיסלעך גאָר לאַנגע, מיט פיסלעך גאָר דין.

און ווי נאָר די שפּין הייבט אָן שפּינוועבס צו וועבן,
איז הייבן אין הימל אָן וואָלקנדלעך שוועבן,
און ווינטעלעך — שטיפערלעך — בלאָזן גאָר קאַלט,
צעלאָזט זיך אַ שניי אַ געדיכטער און פאַלט.

און קוקסטו אויף שנייעלעך, זעסט ווי זיי שוועבן,
דערזעסטו ווי שפּין מיט די פיסלעך טוט וועבן.
זי וועבט און זי שפּינט פון איר שפּינוועבס פון ווייסע
פאַר גרויסע אַ ווינטער; פאַר קינדער — אַ מעשה.

## כישוף־טאַנץ

זומער־צויבער־נאַכט!
רונד אַרום אַ ראָד
טאַנצן מכשפות אַכט
ווילד אַ קאַראַהאָד —
האָ!

טאַנצן זיי אַהין —
האָ!
טאַנצן זיי אַהער —
האָ!
דרייען זיי זיך אין אַ ראָד
ווילד אַ קאַראַהאָד —
האָ!

כישוף־שטאָק מיט זיי,
אין אַ צויבער־ראָד,
כישופדיק טאַנצן זיי
ווילד אַ קאַראַהאָד —
האָ!

כישופן אַהין —
האָ!
כישופן אַהער —
האָ!
קומט אַרויס אַ כישוף־רויך,
טראָגט זיי אין דער הויך —
האָ!

איבער קוימענס הויך,
שוועבן אין אַ ראָד,
טאַנצן אינעם וואָלקן רויך
ווילד אַ קאַראַהאָד —
האָ!

שוועבן זיי אַהין —
האָ!
שוועבן זיי אַהער —
האָ!
שוועבט אין וואָלקן רויך אַ ראָד
ווילד אַ קאַראַהאָד —
האָ!

טאָראָנטאָ, פרילינג, 1918



# מיין לערער י. ל. פרץ

יעדן אָוונט, צו מיין שרייב-טיש,
כ׳קום מיט דרך ארץ,
ווייל פון וואַנט אַראָפּ, צום שרייב-טיש,
קוקט יצחק לייבוש פּרץ.

„גוטן אָוונט״, כ׳הער אים זאָגן,
און איך זע זיין קאָפּ זיך נייגן;
און אַ פּלעמל, היימיש-וואַרעם,
לויכט אים פון די אויגן;

און דער שמייכל אויף זיין פּנים
רעדט:
„צו וואָס זיך קלייבן?...
מאַך זיך היימיש... מאַך זיך היימיש!
נעם דיין פּען און זעץ זיך שרייבן!״

— — — — — — — — — — — — — — —

ליגט מיין פען און וואַרט
כ'זאָל אַ ליד אָנשרייבן;
און דאָס ליד פאַרשפּאַרט
ווייל אין האַרץ ניט בלייבן.

אַ ליד פאַר קינד־און־קייט
מיט ווונדער פון פאַרצייטן
בעט זיך:
„וואָרט איז גרייט
אין וויזיע זיך צו בייטן".

פיבערט גיך מיין האַנט,
וואַרפט אָן שורות ענגע, —
קוקט זיין בילד פון וואַנט
ברוגזלעך... און שטרענג...

און איך הער אים זאָגן:
„האָסט ווערטער ניט געקליבן!...
געוואָלט געדאַנק דעריאָגן?..
זע, וואָס'ט אָנגעשריבן!...

„ווערטער — דאַרפן זינגען
אין האַרמאָנישן געזאַנג!
גראַם — דאַרף בלויז קלינגען...
און געדאַנק — דאָס שענסטע געזאַנג!..."

*

פאַלט מיר פּען פון האַנט, —
כ׳קען ביים טיש ניט בלייבן...
שמייכלט ער פון וואַנט:
„ברוגז?...
זעץ זיך שרייבן!

„האָסט אין האַרץ געזאַנג, —
זינג עס אויס פאַר קינדער:
קינדער ליבן קלאַנג;
קינדער ליבן ווונדער...

„וויזיע איז צו רייך? —
דאַרף מען קענען צאַמען;
אַפילו ברייטסטן טייך
פירן ברעגן צו די ימען...״

— — — — — — — — — — — — — — —

נעם איך פּען צוריק,
קוק אים אין די אויגן —
אַזאַ מילדער בליק,
מיט אַ טרוים פאַרצויגן...

אין זיין טרוים אַ בילד:
קינדער אין אַ גאָרטן,
יום־טובדיק, פאַרשפּילט,
זינגען, טאַנצן דאָרטן;

טאַנצט מיט זיי דער בוים,
טאַנצן מיט די בלומען,
און, ווי פון בלויען רוים —
האָזן ווייסע קומען

אָנגעטאָן גאָר שיין,
אין קליידעלעך מיט שלייפן,
און אויף פידעלעך קליין
שפּילן זיי, און פייפן.

זעען קינדער ווויל,
קומען צו באַזונדער,
און מיט אָפן מויל
שלינגען ויי דעם ווונדער:

האָזן פידלען! האָזן פייפן!
און אויף פייקל פייקלען!
און דורך רויטע רייפן,
קוליען זיך און קייקלען!

ביז די נאַכט אַ בלויע,
קומט מיט ווייכע וויגן,
נעמט האָז, און בוים, און בלום,
און קינדערלעך פאַרוויגן...

וויגט זיך נאַכט אַ בלויע,
און לבנה — אַזאַ גרויסע!...
קינדערלעך פון היימען גרויע
חלומען אַ מעשה...

*

אין מיין חלום וואַכן,
כ'הער אַ כאָר פון קלאַנגען:
ווערטער, שטיל און זאַכט,
קומען מיט געזאַנגען;

פערזן פול מיט וווּנדער!
שטעלן זיך אין רייען —
פריידיק שרייב איך זיי,
פערז נאָך פערז באַזונדער.

וואָרט — ווי קינד אין שפּיל,
מיט טראָפּן־פּייקל פּייקלט;
ריטם — ווי פייגל־טריל,
פון די שורות זיך קייקלט;

גראַם — ווי זיידע שטיל,
מיט באַסאָוון קול,
באַמקעט צו צום שפּיל...
און, מיט אַ מאָל —

כאָר ווערט איינגעשטילט...
ווערטער — ניט געבליבן...
שפּיל איז אָפּגעשפּילט...
ליגט אַ ליד פאַרשריבן.

כ'הייב מיינע אויגן
מיט טיפן דרך ארץ
אַרויף צו אים,
צו יצחק לייבוש פּרץ,

כ'זע:
זיין בילד, ווי אָנגעבויגן,
קוקט אַראָפּ צו מיר אין ליד
און זאָגט, מיט פלעמל אין די אויגן:
„קינדערלעך, פאַר אייך אַ ליד!"

## וויגליד

איי־ליע, ליו־ליע, איי־ליע, ליו!
שלאָפן וועט מיין קינדעניו.
שאָטנס גנבענען זיך שטיל,
הייבן פאַרבן אָן אַ שפּיל:
מיניען זיך, און טונקלען זיך,
וויגן אויף דער שויב זיך איין.
נעמט פון ווייטן מזרח־זוים
שפּרייטן זיך דער בלויער טרוים.

איי־ליע, ליו־ליע, איי־ליע, ליו!
מאַכן אויגעלעך האַלב זיך צו —
וויגן הימלען זיך פאַרטראַכט
אין אַ פּורפּור־בלויער נאַכט.
און אויף ים, גאָר ווייט און טיף,
שווימט צום ברעג אַ גאָלדענע שיף;
שוועבט אויף שיף אַ בלויע פאָן,
קומט דער שלאָף פון שלאָפנלאַנד אָן.

איי־ליע, ליו־ליע, איי־ליע, ליו!
מאַכן אויגעלעך גאַנץ זיך צו —
בלאַנדזשען זונען שטיל און זאַכט,
טוקן זיך אין בלויער נאַכט.
און פון לייכטן וואָלקן־פּוך
וועבט דער שלאָף אַ כישוף־טוך,
וויגט זיך כישוף־טוך אין ווינט,
שוועבט אין חלום־לאַנד מיין קינד.

# ערשטע טריט

אַליין, אַליין, וועט מיידעלע גיין!
קום צו מאַמען, נחתל שיין!
שטעל אַ פיסעלע — איי, ווי שיין!
זעט, מיין קינדעלע גייט אַליין!

## וואַרטן קינדער

וואַרטן קינדער אין די מויערן,
קלאַפּן שטילע אין די טויערן:
„מאַמע, מאַמע, לאָז אַריין, —
מירן גוטע קינדער זיין.”
איילן מאַמעס, ס׳זאָל ניט דויערן,
מאַכן מאַמעס אויף די טויערן.
קומען קינדערלעך אַריין, —
אַלע, אַלע גוט און פיין!
שענקען מאַמעס זיי אַ ברכה:
„אויף לאַנגע יאָר!
אויף מזלדיקע יאָר!
מיט געזונט און מיט הצלחה!”

## אַ מאַמע

דער הירש האָט זיין האָרן
וואָס שיצט אים פון פיינט.

די בלום האָט איר דאָרן
וואָס שיצט זי פון פריינד.

דאָס קינד האָט זיין מאַמע,
זיין טייערע מאַמע! —
זי פוצט אים,
זי צירט אים,
זי צערטלט און שיצט אים;
זי קליידט אים,
זי שפּייזט אים,
זי לערנט און ווייזט אים
ווי גוט און ווי שיין
אין גאָטס וועגן צו גיין.

## אין וויגעלעך

שיפעלעך ווי מולטערלעך —
וויגן זיך אויף ימען.
קינדערלעך אין וויגעלעך
וויינען נאָך אַ מאַמען.

אויגעלעך ווי טייכעלעך —
טרערעלעך פאַרשוווענקטע;
הערצעלעך ווי פייגעלעך
פלאַטערן פאַרבענקטע.

וויינט ניט, וויינט ניט, קינדערלעך!
באַלד קומט אייער מאַמע;
זי ברענגט זיסע צוקערלעך,
זי וועט ניט פאַרזאַמען.

## אַ טענצעלע
(אין פאָלקס־טאָן)

עס, מיין מיידעלע, שיין און פיין,
וועסטו אַ גוטע מיידל זיין.

שלאָף, מיין מיידעלע, שלאָף נאָר איין,
וועסטו וואַקסן שיין און פיין.

וואַקס, מיין מיידעלע, שיין און פיין,
וועסטו אַ שיינע כלה זיין

און מיט יינגעלע הויך און שיין
וועסטו צו דער חופה גיין.

# מיין שוועסטערל

האָב איך מיר אַ שוועסטערל,
איז זי אַזוי קליין!
מאַך איך צו איר: גו, גו, גו!
לאַכט זי אַזוי שיין.

זי האָט שוין צוויי ציינדעלעך
און פּלאַפּלט: פּאַ־פּאַ־פּאַפּ!
און זי זינגט אַ לידעלע:
טיאַפּ־טיאַ, טיאַפּ־טיאַ, טיאַפּ!

זי האָט רונדע הענטעלעך
פּאַטשט זי: ליאַ, ליאַ, ליאַ!
זי גיט מיר אַ פינגערל:
ניאַ־ניאַ, ניאַ־ניאַ, ניאַ!

זי האָט קליינע פיסעלעך,
שטייסט זי מיך מיט זיי.
בייזער איך זיך: ניו, ניו, ניו!
מאַכט זי אַ געשריי.

לייג איך זי אין וויגעלע,
זינג איר: ליו, ליו, ליו!
מאַכט זי צו די אויגעלעך
און שלאָפט איין אין רו.

ניו־יאָרק, 1917

# וויגליד

שוין הילט זיך וועלט אין רו,
שלאָף, מיין קינד, ליו־ליו,
ליו־או, ליו־או, ליו.

שטיל־ל־ל. אַ רויטע לאַם
שווימט אויף שלעפעריקן ים —
ליו־או, ליו־או, ליו.

שטיל־ל־ל. אַ בלויע טויב
גאָלדן אויג מאַכט צו —
ליו־או, ליו־או, ליו.

גאָלדנע עראָפּלאַנען —
סטאַדע גאָלדן שאָף,
שוועבט אין בלוי פון דאַנען
צו דעם לאַנד פון שלאָף.

נאַכטיק־בלויע באַנען
ברומען — טרו, טרו, טרו־ו־ו!
ס׳פאָרן אַלע באַנען
צו דעם לאַנד פון רו.

גרינע פעלדער פירן
צו דעם רויטן הויז,
פון די בלויע טירן
חלום קומט אַרויס

אַנגעטאָן אין פּוירפּל
און אין פיאָלעט,
זונגאָלד איז זיין פּנים,
רויט — זיין שטיוועלעט.

גייט אויף שפּיצן פינגער
איבער גרינעם דיל,
וויגט אין שלאָף די קינדער,
זינגט אַ מעשהלע שטיל:

„נאָר איין טראָט פון דאַנען
ליגט אַ בלומען־טאָל,
זיינען דאָרט פאַראַנען
העזעלעך אָן צאָל;

העזעלעך מיט נעזלעך
רויט ווי פּאָמעראַנצן,
און פוך־ווייסע ציגעלעך
שפּרינגען דאָרט און טאַנצן.

זיינען אַלע העזעלעך
טיף אין וואַלד אַנטלאָפן;
זיינען אַלע ציגעלעך
לאַנג שוין איינגעשלאָפן.

וויגן מאַמעס וויגעלעך,
זינגען שטילע צו:
שלאָף, מיין קינד, ליו־ליו,
ליו־או, ליו־או, ליו".

אַפּריל, 1968

# ווען קינדערלעך טראַכטן

ווען קינדערלעך טראַכטן וועגן ווייסע וואָלקנדלעך,
זעען זיי אַ הויכן, אַ ווייכן, אַ בלויען דעם הימל.
און ווען קינדערלעך טראַכטן ווייטער
און ווייטער וועגן ווייסע וואָלקנדלעך,
לאָזן זיך ווייסע וואָלקנדלעך אין בלויער הויך אַריין
און זאָגן צו קינדערלעך:
— איר ווילט אויך שווימען צום ווייטן וווּנדערלאַנד? —
אָט קומען ווייסע וואָלקן־שעפּסעלעך,
זעצט זיך אויף
און שוועבט מיט אונדז!
זעצן זיך קינדערלעך אויף די ווייסע וואָלקן־שעפּסעלעך
און שוועבן אין דעם הויכן און ווייכן און ווייטן בלוי אַוועק.

*

ווען קינדערלעך טראַכטן וועגן ווייסע זעגל־שיפן,
זעען זיי אַ ווייטן, אַ שטילן, אַ בלויען דעם ים.
און ווען קינדערלעך טראַכטן ווייטער
און ווייטער וועגן ווייסע זעגל־שיפן,
וויגן זיך די ווייסע זעגל־שיפן אויף בלויע וועלן
און זאָגן צו קינדערלעך:
— איר ווילט אויך שווימען צום ווייטן וווּנדערלאַנד? —
אָט קומען ווייסע שוואַנען,
זעצט זיך אויף
און שווימט מיט אונדז!
זעצן זיך קינדערלעך אויף די ווייסע שוואַנען
און וויגן זיך אויף בלויע וועלן
ביז אין ווייטן, ווייטן וווּנדערלאַנד אַוועק.

*

און, ווען קינדערלעך טראַכטן ווען גאָרנישט־מיט־גאָרנישט־
ניט,

סתם אין דער וועלט אַריין, —
זינגען פייגעלעך אין די אויערן,
און פלאַטערלעך פליען פאַר די אויגן,
און בלימעלעך וויגן זיך און ווינקען,
און ווינטעלעך שעפּטשען שטיל:
— קינדערלעך ווילן אין חלום־לאַנד גיין?
אַט וועבן מיר פון זונשטראַלן וויגעלעך אויס, —
אַ וויגעלע לויט יעדנס באַגער...
לייגן זיך קינדערלעך אין די וויגן אַריין,
וויגן זיך שטראַליקע וויגעלעך אין רוים,
ווי זוניקע זעגל־שיפעלעך אין בלויען רוים,
ביז זיי קומען צום ווייטן, צום ליכטיקן חלום־לאַנד אָן.

## אין גאַס

הייזער, הייזער,
הויך און שמאָל;
ליגן גאַסן
ווי אין טאָל.

פענצטער, פענצטער,
גאָר אָן צאָל —
קוקן אַלע
מיט אַ מאָל.

קוקן אַלע
גלייך אויף מיר,
ווען איך גיי נאָר
אויף שפּאַציר.

## רעדער

אין די גאַסן,
הין און הער,
לויפן, יאָגן
רעדער שווער.

ראָלן, ראָלן
מיט אַ זשום,
קוקן זיך אויף
מיר ניט אום.

רוישן, רעשן
פאַרביי מיר —
רעדער, רעדער,
אָן אַ שיר (שיעור)!

ווען אַלע רעדער
בלייבן שטיין,
גיי איך אַריבער
די גאַס אַליין.

## שטריקל וויקל

וויקל, וויקל,
וואַרף זיך שטריקל,
וואַרף זיך שטריקל
אויף און אָפּ.

ריידל, דריידל,
שפּרינגט מיין מיידל,
שפּרינגט מיין מיידל
האָפּ, האָפּ, האָפּ!

שפּרינגען, שפּרינגט זי
דריי מאָל דריי;
נאָך דעם שפּרינגט זי
פון דאָס ניי.

## לאָמיר אויסציילן

פיר פיס
האָט אַ קו.
וויפל האָבן
איך און דו?
איך האָב צוויי,
דו האָסט צוויי, —
צוויי און צוויי איז פיר.
צייל איך אָפּ פון איינס ביז פיר,
אויסגעפאַלן איז אויף דיר.
ביסטו איצטער פריי.
צייל איך פון דאָס ניי.

## אין בלענדעניש

קלימפּערן, קלאַמפּערן, קלאַפּן !
וועמען מעג מען כאַפּן ?

דעם וואָס גייט ניט ;
דעם וואָס שטייט ניט ;
דעם וואָס דרייט זיך ווי אַ מיל
שטיל, שטיל, שטיל.
קלימפּערן, קלאַמפּערן, קלאַפּן —
יענעם מעג מען כאַפּן.

*

### וואַריאַנטן

(1)
דעם וואָס אויף איין פיסל
שפּרינגט און זינגט אַ ביסל.

(2)
דעם וואָס שפּרינגט אין גראָז
ווי אַ בלינדער האָז.

*

ווי אַזוי צו שפּילן (רולס) : מען טאָר ניט שטיין, מען טאָר ניט גיין אָדער לויפן פון דעם „בלינדן". מען מעג זיך אַוועקדרייען, אָדער אַוועקשפּרינגען אויף איין פוס פון דעם „בלינדן".
דער לעצטער וואַריאַנט איז פאַר גאָר קליינע קינדער. כדי זיי זאָלן זיך ניט ווײ טאָן, אָדער פאַלן, קריכט מען אויף אַלע פיר, אָדער מען שפּרינגט ווי די האָזן — אויף אַלע פיר.

## צו דער הויך

וואָלקנדלעך ווי שעפּסעלעך
אין די הימלען ציען;
פייגעלעך ווי פלאַטערלעך
אונטער הימלען פליען.

קינדערלעך אויף גרינעם גראָז,
מיט אויגעלעך פאַרחלומט,
קוקן צו די פייגעלעך
און זינגען צו זיי: שלום!

„שלום, פייגעלעך, שלום!
קומט צו מיר אין חלום!
אין מיין חלום פלי איך אויך
ווי אַ פויגל אין דער הויך!"

## צו אַ טשאַטע פייגעלעך

(פון קינדער־לאָר)

חתונה־לייט, פון נאָענט און ווייט,
פון נעסטן ביי דער מיל!
פליט אייך צו דער חתונה
און טאַנצט דאָרט אַ קאַדריל!

טאַנצט אַ פליטער, טאַנצט אַ פלאַטער
מיט דעם חתן־כלה;
ניט קיין מידע, ניט קיין זאַטע, —
קומט צוריק, איר אַלע!

מירן עסן אייך אָנגרייטן —
פאַר מחותנים אַלע;
מירן ווייסן טיש פאַרשפּרייטן
מיט לעקעכלעך און חלה!

## צו אַ פויגל

קומט אַ פויגל צו מיין פענצטער,
זינגט אַ ליד מיר אויס.
זאָג איך: פויגל, ביסט דער שענסטער
גאַסט בײַ מיר אין הויז!

כ׳וועל דיר געבן פון דעם בעסטן!
קום אויף מאָרגן אויך;
האָסטו קינדער אין די נעסטן, —
ברענג דיין קליינוואַרג אויך.

איך ווייס: פייגל האָבן פליגל,
קענען פליען הויך.
איך האָב טרוימען, טרוימען־פליגל, —
איך קען פליען אויך.

## צוויי פייגעלעך

זינגט אַ קליינע פייגעלע:
— צוויטשי, צוויטשי, צוויטשי!
איך בין שוין געקומען —
פרילינג אייך געבראַכט!

זינגט אַן אַנדער פייגעלע:
— קו־קו, קו־קו, קו־קו!
זומער איז געקומען
און האָט מיך געבראַכט!

## צו אַ וואָלקן

וואָלקן, וואָלקן, שווים אַוועק,
זאָלן קומען זומער-טעג!

שווים אַוועק אין הימלען ווייט
און קום צוריק אין רעגן-צייט!

שווים אַרום אויף ווייטע וועגן,
קום צוריק און ברענג אונדז רעגן!

רעגן ברענגט אונדז ברויט און ווייַן,
וועסטו אַ גוטער גאַסט דאָ זייַן!

## שלום

וואַקסט אַ בוים ביים פענצטער,
קוקט צו מיר אין הויז;
קוק איך דורך דעם פענצטער
צו דעם בוים אַרויס.

וויגט דער בוים אַ צווייַגל,
זאָגט „שלום" צו מיר;
זאָג איך: „שלום, צווייַגל!
שלום, בוים, אויך דיר!"

# צוויי הינטעלעך, צוויי שטיפערלעך

צוויי הינטעלעך, צוויי שטיפערלעך,
ווייס און ברוין געפלעקט,
האָבן אין אַ גרינעם שיסל
פישעלעך דערשמעקט.

שווימען אין דעם גרינעם שיסל
רויטינקע אַרום;
פינטלען מיט די אויגעלעך,
שווימען דאָרטן שטום.

דרייען זיך די הינטעלעך
רונד אַרום דעם שיסל,
ווילן זיי מיט פישעלעך
שפּילן זיך אַביסל.

ס'איז אַ שפּיל פאַר הינטעלעך,
פאַר פישעלעך — אַ שרעק.
ווילן רויטע פישעלעך
שווימען ווייט אַוועק.

יאָגן רויטע פישעלעך
רונד אין גרינעם שיסל.
האַווקען שטיפער־הינטעלעך.
— קומט שפּילן זיך אַביסל!

# אין אַ פרילינג־טאָג

יונג איז דער פרילינג,
זוניק דער דרויסן,
שמייכלט צו קינדער
דער גאָרטן דער גרויסער.

ברוין זייַנען וועגן,
גרין איז דער גאָרטן.
פרייען זיך קינדער,
שפּילן זיך דאָרטן.

לאָזט מען אויף שטריקעלעך
פליען באַלאָנען, —
רויטע און געלע —
פאַרביקע זונען!

שטייען צוויי הינטלעך,
האַוועקן און בילן:
„קינדערלעך, קינדער,
נעמט אונדז אויך שפּילן!"

ווייסן ניט קינדער
וואָס הינטעלעך ווילן.
לויפן זיי, ראַשן,
ווייטער זיך שפּילן,

פליט אַ באַלאָן דאָרט
איינעמס אַוועק,
לאָזן זיך הינטלעך
באַלד אין געיעג.

לויפן די הינטלעך,
יאָגן זיך קינדער,
כאַפּן דאָס שטריקל
ווייל יעדער באַזונדער.

כאַפּן דאָס שטריקל
קען דאָך ניט קיינער.
הינטל איז פלינקער,
כאַפּט עס אין ציינער.

טראָגן זיך הינטלעך,
לויפן אין צווייען.
יאָגן זיך קינדער
מיט פרייד און געשרייען.

זיינען שוין הינטלעך
פריילעך אין גאָרטן,
יאָגן מיט קינדער,
שטיפן שוין דאָרטן.

## פאָרט מיין שיף

ווייסע שיף,
רויטער דאך,
רונדע פענצטער
גאָר אַ סך.

קומט מיין שיף אָן
צו אַ ברעג,
זיינען זוניק
דאָרט די טעג.

שוואַרצער אַנקער
ביי דער זייט, —
פאָרט מיין שיף
ווייט, ווייט, ווייט.

מענטשן — ברוין,
פעלדער — גרין,
וויל איך וויסן
וווּ איך בין.

געלער ברעג
זעט זיך קוים,
כוואַליעס וויגן
ווייסן שוים.

קומט אַ מענטש אָן
פון דעם לאַנד,
זאָגט „שלום" און
גיט אַ האַנט.

הימל — בלוי,
ים איז טיף,
שווימט זיך שטיל
מיין ווייסע שיף.

זאָגט: „מיין קינד,
דו זוכסט אַ היים?
ביסט געקומען
שוין אַהיים!"

ישראל

# שלום ליבער מאָרגן!

איבער וועגן
ברוין און גרין
קעמלען גייען, —
גלין־גלין! גלין־גלין!
שמייכלט מאָרגן
מיר אַנטקעגן:
— פרייד איך שפּרייט אויף
אַלע וועגן:

וואַכן פעלדער
פון געקלאַנג;
רופן פייגל
מיט געזאַנג:
טוי אויף גראָז, —
נעם זיך וואַשן;
פרוכט אויף ביימער
נעם זיך נאַשן;

„ס'איז פרימאָרגן!
שטייט אויף, קינדער!
ס'איז דער מאָרגן
פול מיט וווּנדער!"
גרינע לאַנקעס, —
טאַנץ און שפּרינג;
ברייטע וועגן, —
מאַרש און זינג;

כ'עפן אויגן, —
ליכט און שטראַלן
מיר אין פּנים
פינקלען, פאַלן.
בלויע הימלען, —
קוק און חלום;
ווייסע וואָלקנס, —
זאָג זיי: — שלום!

זאָג איך: „שלום,
ליבער מאָרגן!
האָסט געבראַכט מיר
פרייד צו טראָגן"
כ'ברענג אַ טאָג מיט
ווינטל קילן,
פול מיט אַרבעט
און מיט שפּילן.

**ישראל**

## אין פריילאַנד

העי, העי! איך טו וואָס איך וויל!
זינג איך מיר אַ לידל שטיל:
לידל-דידל-די!
לידל-דידל-די!

העי, העי! דו טוסט וואָס דו ווילסט!
נעמסטו פידל און דו שפּילסט:
פידל-דידל-די!
פידל-דידל-די!

העי, העי! ער טוט וואָס ער וויל!
פייפט ער ווי סע פייפט אַ גריל:
פיו-פיו-פייפל-פּי!
פיו-פיו-פייפל-פּי!

העי, העי! זי טוט וואָס זי וויל!
פייקלט זי אויף פייקל שטיל:
פייקל-דייקל-די!
פייקל-דייקל-די!

זינג איך מיר מיין לידעלע:
לידל-דידל-די!
שפּילסטו אויף דיין פידעלע:
פידל-דידל-די!
פייפט ער אויף זיין פייפעלע:
פיו-פיו-פייפל-פּי!
פייקלט זי אויף פייקעלע:
פייקל-דייקל-די!
פייקל-דייקל-די!

אַז איך, און דו, און ער, און זי — וויל,
ווערט אַ שיינע שפּיל...

ישראל

## אַ מאַרש

איינס און איינס איז צוויי!
גיי אין גלייכער ריי!
ווייז ווי שיין
קינדער קליין
קענען גיין.

צוויי און צוויי איז פיר!
זינג צוגלייך מיט מיר:
יוגנט-גאַנג
קלינגט מיט קלאַנג
פון געזאַנג!

איינס און צוויי איז דריי!
זינג אַ ליד אַ ניי:
לאַנד איז יונג!
טראָט איז גרינג!
מאַרש און זינג!

ישראל

## זילבער-גלעקעלעך

דזין-דזין-דזין! און דזין-דזין-דזין!
קלינגען זילבער-גלעקעלעך.
דזין-דזין-דזין! און דזין-דזין-דזין!
— וואָס דערציילן גלעקעלעך?
— דזין-דזין-דזין! — פון ווייטן לאַנד
ברענגען מיר אין גלעקל-ראַנד,
קינדער-טרוימען גאָלדענע.
קינדער-טרוימען גאָלדענע.



## יאַנקעלע־באַנקעלע

יאַנקעלע־באַנקעלע,
גרויסער קאָפּ!
מיט שטיוועלעם
טריפּ, טראַפּ, טראָפּ!

זיינען שטיוול
גרויס און שווער,
רירט זיך יאַנקל
ווי אַ בער.

איז ער מיד שוין,
קען ניט גיין —
בלייבט ער אין די
שטיוול שטיין.

וואָס-זשע זאָל דאָ
יאַנקל טאָן?
שרייבט ער גאָר אַ
בריוול אָן.



שרייבט ער דאָרטן
אינעם בריוול:
„קומט און העלפט מיר
פון די שטיוול".

קומט דער טאַטע
באַלד צוגיין —
זעט ער אים אין
שטיוול שטיין.

קומט די מאַמע
באַלד צוגיין —
זעט זי אים אין
שטיוול שטיין.

מאַכט די מאַמע:
„אוי, אוי, אוי!"
זאָגט דער טאַטע
„רעכט אַזוי!"

בעטן יאַנקלס
טרערן גרויס:
ווי־זשע קריכט מען
דאָ אַרויס?!

נעמט דער טאַטע
פאַר אַן אויער,
נעמט די מאַמע
פאַר אַן אויער,

און מע נעמט זיך
ציען, שלעפּן —
יאַנקעלען פון
שטיוול שלעפּן.

נו, נו, שלעפּט מען
און מען שלעפּט —
יאַנקל איז ווי
צוגעקלעפּט.

מאַכט דער טאַטע
און ער לאַכט:
„בלייבסט דאָ, יאַנקל,
איבער נאַכט".

שווייגט די מאַמע
און זי טראַכט:
אין די שטיוול
איבער נאַכט?

איבער נאַכט און
נאָך אַליין — —
ווי, ער וועט פון
שרעק אויסגיין!

וואָס-זשע זאָל דאָ
יאַנקל טאָן?
ס'טרייסלט יאַנקלען
צאָן אָן צאָן.

קען ניט מאַמע
שווייגן מער.
זאָגט זי: „טאַטע,
קום אַהער!

קום אַהער און
נעם זיך, צי!
זשאַלעווע נאָר
ניט קיין מי!"

נעמט דער טאַטע
פאַר אַן אויער,
נעמט די מאַמע
פאַר אַן אויער,

און מע נעמט זיך
ווידער שלעפּן — —
יאַנקעלען פון
שטיוול שלעפּן.




שלעפּ אַהין און
שלעפּ אַהער —
יאַנקל טוט זיך
ניט קיין קער.

שלעפּט מען ווידער
און מען ציט,
ביז — יאַנקעלע פון
שטיוול פליט.

פון די שטיוול
שוין אָרוים,
איז די פרייד דאָך
זייער גרוים,

טראַכט מען ניט וואָס
איז געווען,
זעט מען ניט וואָס
איז געשען,

טאַטע־מאַמע
נעמען יאַנקלען —
מאַרש אַהיים מיט
אונדזער באַנקלען.

מיינט איר דאָך אַז
שוין, אַן עק!
יאַנקל־באַנקל
איז אַוועק

און דאָס אַלץ
איז געווען,
און מער גאָרנישט
איז געשען?

זאָג איך, קינדער,
אייך אַ סוד, —
מעג עס זיין דאָ
פאַר גאַנץ בראָד —

אַז די מעשה
שטייט אין קאָן
אויב איך הייב ניט
אָט דאָ אָן.

הערט-זשע וואָס איז
נאָך געווען,
און וואָס ווייטער
איז געשען:

יאַנקלען האָט מען
דאָך געשלעפּט,
פאַר די אויערן
געשלעפּט — —

ט׳מען געצויגן
און געצויגן
און — די אויערן
אויסגעצויגן.

אויסגעצויגן
לאַנג — ביז דרערד!
פונקט ווי בײַ אַן
אייזל-פערד.

נו, נו, טוט זיך
איצטער אָפּ!
יאַנקל האָט אַן
אייזל-קאָפּ.

זעען קינדער
יאַנקלען ווו,
זינגט מען אים אַ
לידל צו:

„יאַנקעלע־באַנקעלע,
אייזל־קאָפּ!
מיט שטיוואַליעס
טריפּ, טראַפּ, טראָפּ!"




פון אויפטר

## מינע און נינע

מינע איז דריי און נינע איז פיר,
גייען זיי ביידע אויף אַ שפּאַציר.
באַגעגנט זיי מאַמע: „גוט מאָרגן, מיין פּאָר!"
ענטפערן ביידע: „גוט מאָרגן, גוט יאָר!"
גייען זיי ווייטער, אַזש ביז דער בריק
און קערן זיך נאָכדעם אום אויף צוריק.

## דאָס בריוול

סאָרע־ריוול
שרייבט אַ בריוול
צו דער באָבע דאָבע:
מאַכט זי רעדעלעך אַזוי,
און אַ דריידעלע — אַזוי.
און מיט דער פּען, גאָר דין,
זי מאַכט אַ פּאַסיקל אַהין,
און אַ פּאַסיקל אַהער,
און שוין, ניטאָ מער!
קיין פּאַפּיר איז ניט געבליבן —
אַלץ פאַרשריבן!
נעמט סאָרע־ריוול
לייענען דאָס בריוול
צו דער באָבע דאָבע:
— ליבע באָבע דאָבע,
ביסט אַ גוטע באָבע.
שוין אַ פולע יאָרן
ווי איך וויל דיר זאָגן
אַז איך האָב דיך ליב.
טאָ קום אַהער צו פאָרן,
וועל איך דיר קענען זאָגן
ווי איך האָב דיך ליב.
אָט דאָס איז גאָר מיין בריוול.
פון מיר,
סאָרע־ריוול.

## אין מוזיק־קרייז

באָבע שפּילט אויף פּיאַנע —
קלינגען טענער, קלינגען.
מירל שפּילט אויף פידל —
זינגען סטרונעס, זינגען.

און באַדאַנע
זינגט אַ לידל —
קלינגט די פּיאַנע,
זינגט די פידל.

## מיר מאָלן

האָדל מאָלט
אַ העקער מיט אַ האַק.

פראַדל מאָלט
אַ טרעגער מיט אַ פּאַק.

צירל מאָלט
אַ טאַנצנדיקן בער.

מירל מאָלט
אַ שניידער מיט אַ שער.

ווערן בילדער פאַרטיק,
הענגט מען אויס אויף ווענט.

און מיט זייף און וואַסער
וואַשט מען זיך די הענט.

# מאָלן מיר אַ מייסע

אויף פּאַפּיר אויף ווייסע
מאָלן מיר אַ מייסע:

מאָלן מיר אַ שטיבעלע
ווי אַ קליינטשיק ריבעלע.

און די ווענטלעך — קרומינקע,
און די פענצטער — שטומינקע.

און אַ דאַך — אוי, — לאַך נאָך לאַך!
אַרום קוימען — גרינע מאָך.

ווינען אין דעם הייזעלע
מענטשן, און אַ מייזעלע.

מאָלן מיר איצטער ווייטער:

צוערשט, אַ קרומען לייטער,
שטייט ער
איינגעבויגן
ווי אַן אַלטישקער, מיט דאַרער האַנט,
אָנגעלענט אָן וואַנט.

און דערנאָך, אַ שטאַל,
וואָס גיט שיר אַ פאַל.

ליגט אין שטאַל אַ רינד
הילפלאָז ווי אַ קינד.

און אין שטיבעלע דאָס קינד
ליגט און שטומט ווי רינד.

גייט אַ פֿרוי אין מאַרק
און זי זאָרגט זיך שטאַרק:
ווו נעמט מען ברויט פֿאַרן קינד?
ווו נעמט מען היי פֿאַר רינד?

און דאָס איז דער סוף פֿון אַ מייסע
אויסגעמאָלט
אויף פּאַפּיר אויף ווייסן.

## אין ביבליאָטעק

שטייען לאַנגע בענק און טישן,
זיצן קינדער שטיל און שיין.
אויף די ווענט דאָרט הענגען בילדער,
אַלץ איז דאָרטן ציכטיק, ריין.

און אויף פּאָליצעס די ביכער
אויסגעשטעלט אַרום די ווענט.
וויל מען לייענען די ביכער,
מוז מען האָבן ריינע הענט.

## לייען־זאַל

זיצט שלום פֿאַרחלומט
און לייענט אַ מעשׂה
פֿוןווינטער מיט וועלדער מיט ווייסע.

פֿאַרטיפֿט זיצט אויך מיכל
און לייענט אַ ביכל
פֿון מיידל מיט גאָלדענעם שיכל.

נעמט טילע־די־שטילע
און צעזינגט זיך אַ לידל —
„קום, שפּיל מיר, רעב בער, אויף דיין פידל!"

„אוים חלום!" מאַכט שלום:
„אוים מעשׂה
פון ווינטער מיט וועלדער מיט ווייסע!"

„אוים מיידל מיט גאָלדענעם שיכל!"
מאַכט מיכל
און מאַכט צו דאָס ביכל.

און טילע־די־שטילע —
זי זינגט נאָך דאָס לידל:
„קום, שפּיל מיר, רעב בער, אויף דיין פידל!"

## פויערל, פויערל!

פויערל, פויערל, פויערל קליין!
לאָז זיך גלייך צום שמידער גיין!

מאַכט דער שמיד דאָך פּילע זאַכן,
וועט ער דיר אַן אַקער מאַכן.

וועלן אַקער שלעפּן פערד
און צעאַקערן די ערד.

וועט די ערד דיר געבן ברויט,
וועט אין שטוב ניט זיין קיין נויט.

## פירן פורן

פירן פורן פיל
קאָרן צו דער מיל.

מאָלן מילן מעל
פאַר די בעקער שנעל.

באַקן בעקער ברויט —
גליען באַקן רויט.

## פייערלייט

לינג־אַ־לינג! לינג־אַ־לונג!
מיט אַ פייף און מיט אַ קלונג.
שטעלט זיך אַלע אָן דער זייט!
ס'קומען בראַווע פייערלייט!

מיט די פּאָמפּעס און מיט העק.
און מיט לייטערס — לאַנג אַ שרעק!
קומען זיי אויף וואָגן רויט,
פייער לעשן זיינען גרייט.

פון אַ פענצטער שפּאַרט אַ רויך,
שטעלט מען באַלד אַ לייטער הויך.
קריכן פייערלייט אין הויז,
און זיי לעשן פייער אויס.

## ניסעלע קרום־פיסעלע

ס'איז ניסעלע קרום־פיסעלע
גאָר אַ יונג אַ מאַכער!
קען ניסעלע קרום־פיסעלע
מאַכן שיינע זאַכן.

מאַכט ניסעלע קרום־פיסעלע
אַזאַ טיש אַ קליינעם,
צום טישעלע מאַכט ניסעלע
אַזאַ שטול אַ שיינעם.

און אויך פון דראָט קען ניסעלע
מאַכן פילע זאַכן,
ווייל ניסעלע קרום־פיסעלע
איז אַ יונג אַ מאַכער!

ער בויט אַ וואָגן, מאַכט אַ שפּאַן,
שניצט אויס פערד אַ פּאָר;
ער דרייט פון דראָט אַ לאַנגע באַן —
שטייג אַריין און פאָר!

אַזוי שטייט ניסל גאַנצע טעג
און ער מייסטערט מונטער;
ער קלאַפּט מיט האמער, זעגט מיט זעג
און ער זינגט זיך אונטער.

## אַ שניידער־ליד

העי, העי, העי!
רעדל טו אַ דריי!
מיט דער האַנט און מיטן פוס
רעדל טו אַ דריי!

העי, העי, העי!
רעדל דריי און ניי!
מיט דער האַנט און מיטן פוס
רעדל דריי און ניי!

ניי, ניי, ניי!
נאָדל שטעפּ און ניי!
ס׳וואַרטן קינדערלעך אויף ברויט,
נאָדל שטעפּ און ניי!

## דער פריילעכער שוסטער

נתן דער שוסטער זיצט און נייט —
אַט אזוי און אַט אזוי!
דער שוסטער־יונג אַ דראַטווע דרייט —
אַט אזוי און אַט אזוי!

זינגט דער שוסטער פריילעך, מונטער:
טי־י־ים טים־טידל־דאַם!
טי־י־ים טים־טידל־דאַם!
העלפט דער שוסטער־יונג אים אונטער:
טים, טידל־דאַם! טים, טידל־דאַם!

## דער עראָפּלאַן

כ'האָב געזען אַן עראָפּלאַן
פליען אין דער הויך —
ווי אַ פויגל האָט געקרייזט ער
אין די הימלען הויך.

און דערנאָכדעם, ווי אַ פּינטל
אין דער בלויער הויך
האָט געשוועבט ער, און פאַרשווונדן,
ווי ס'פאַרשווינדט אַ רויך.

## אין אַ סאָבוועי־סטאַנציע

אין טונעלן לויפן באַנען,
יאָגן הין און הער.
און די רעלסן רוישן
אונטער רעדער שווער.

די וואַגאָנעס ליכטיק
יאָגן דורך געשווינד,
טאַנצט זיי נאָך אַ צייטונג
אינעםווירבלווינט.

## צו אַן עראָפּלאַן

עראָפּלאַן, עראָפּלאַן
פון דער הויך!
קום אראָפּ
און נעם מיך אויך.

נעם מיך אויך
אויף פליגלען ברייט.
פליען בין איך
שטענדיק גרייט.

שטענדיק גרייט
צו פליען הויך —
עראָפּלאַן, עראָפּלאַן!
נעם מיך אויך!

## מאַרשליד

איינס, צוויי, דריי, פיר!
בראַווע קינדער זיינען מיר!
אָט אַזוי, אין גלייכער ריי
גייען מיר אַ מייל און צוויי!

איינס, צוויי! איינס, צוויי!
ווי סאָלדאַטן, ריי נאָך ריי!
באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ —
בראַווע, שטאָלצע, הויך דעם קאָפּ!

מאַרש, מאַרש, ניט געטראַכט!
אונדז דער וועג אַנטקעגן לאַכט!
און אַ ביימל ביי דער זייט
שמייכלט: — „שלום, בראַווע לייט!"

זינגט, זינגט אונדזער ליד,
ווי מיר ווערן קיין מאָל מיד;
זאָל דורך וואַלד און זאָל דורך טאָל
הילכן פריילעך אונדזער קול!

איינס, צוויי, דריי, פיר!
בראַווע קינדער זיינען מיר!
אָט אַזוי אין גלייכער ריי
גייען מיר אַ מייל און צוויי!

**בויבעריק**, 1924

# דאָס ליד פון דעם וואַלד־העקער
## (אין פאָלקס־טאָן)

אויפן אַקסל — שאַרפע האַק;
אויפן פּלייצע — ברויט אין זאַק;
לאָזט זיך האָלץ־העקער אין וועג,
צו דעם ווייטן וואַלד אַוועק.

קומט ער אָן אין טיפן וואַלד,
נעמט זיך צו זיין אַרבעט באַלד,
האַקט די ביימער — הוק! און האַק!
און ער זינגט אַ ליד צום טאַקט:

* * *

אוי, העקעלע, מיין העקעלע!
די נויט איז זייער גרוים!
גיי, העקעלע, אין וועלדעלע
און האַק מיר ביימער אוים.
הוק, האַק! הוק, האַק!

גייט העקעלע אין וועלדעלע
און טוק! און הוק! און האַק!
האַקטביימעלע נאָך ביימעלע,
און ביימער גרוים און שטאַרק.
הוק, האַק! הוק, האַק!

ווערן ביימער אויסגעהאַקט,
וואַקסט די פרייד גאָר גרוים:
ס'האָט מיין טייער העקעלע
פאַרטריבן נויט פון הויז.
הוק, האַק! הוק, האַק!

זינג איך צו מיין העקעלע:
טוק! און הוק! און האַק!
זיין זאָלסטו מיר, העקעלע,
שטענדיק שאַרף און שטאַרק!
הוק, האַק! הוק, האַק!

# וויגליד

שלאָף, מיין קינד, ליו־ליו!
רו אויך דו, אויך דו...

אויף די גרינע לאָנען
שפּרייט זיך שאָטן אוים;
ס׳פליען עראָפּלאַנען
הויך איבער דיין הויז.

שלאָף, מיין קינד, ליו־ליו!
רו אויך דו, אויך דו...

ערגעץ, ווייט פון דאַנען,
שטיל די נאַכט פאַלט צו;
דאָ, אין וועג די באַנען
פייפן: טרו, טרו, טרו!

שלאָף, מיין קינד, ליו־ליו!
רו אויך דו, אויך דו...

ווען פאַבריק וועט ברומען,
הימל וועט זיין רויט,
וועט דיין טאַטע קומען,
ברענגען האָניק־ברויט.

שלאָף, מיין קינד, ליו־ליו!
רו אויך דו, אויך דו...

# דער זיידע און דאָס אייניקל
## (סצענע)

זיידעניו טייערער, זיידעניו ליבינקער!
פאַרוואָס איז דיין האַנט מיט מאָזאָליעס באַצויגן,
מיט אָדערן בלויע — ווי שטריק אָנגעצויגן?

— קינדעניו האַרציקער, קינדעניו גוטינקער!
פון דלאָטע, און האַמער, און שפּיצהאַק, און שער,
פון זעג, און פון אַלערליי אַרבעטסגעווער
איז מיין האַנט מיט מאָזאָליעס באַצויגן.

זיידעניו טייערער, זיידעניו ליבינקער!
פאַרוואָס איז דער רוקן אַזוי דיר געבויגן —
— אַט, ווי דו וואָלסט צו דער ערד זיך געצויגן?

— קינדעניו האַרציקער, קינדעניו גוטינקער!
פון שלעפּן אַ משא וואָס דריקט ביזן טויט,
פון שלעפּן אַ לעבן דורך צרות, דורך נויט —
איז מיין רוקן געוואָרן געבויגן.

זיידעניו טייערער, זיידעניו ליבינקער!
פאַרוואָס זיינען בלינד דיר געוואָרן די אויגן,
בלינד — ווי מיט קאָרע מיט גראָער פאַרצויגן?

— קינדעניו האַרציקער, קינדעניו גוטינקער!
פון זוכן אַ וועג צו פאַרמיידן די לייד,
פון זוכן אין לעבן אַ טראָפּעלע פרייד —
זיינען בלינד מיר געוואָרן די אויגן.

זיידעניו טייערע, זיידעניו ליבינקער!
פאַרוואָס איז אין קנייטשן דיין פּנים באַהאַלטן —
אַזוי ווי די קנייטשן אין פאַרמעט אין אַלטן?

— קינדעניו האַרציקער, קינדעניו גוטינקער!
ביסט דאָך אַ קלוגער, וועל איך דיר דערקלערן:
איבער מיין פּנים, דורך יאָרן און יאָרן,
איז דאָס לעבן ווי אַ וואָגן אַ שווערער געפאָרן;
האָבן די רעדער געדריקט און געריבן,
זיינען דאָרט שפּורן גאָר טיפע פאַרבליבן —
דאָס זיינען די קנייטשן אין פּנים אין אַלטן.

זיידעניו טייערע, זיידעניו ליבינקער!
אוי, איז דיין לעבן אַ שווערער געווען, —
צי מוז אַזוי שטענדיק מיט מענטשן געשען?

— קינדעניו האַרציקער, קינדעניו גוטינקער!
עס מוז ניט מיט מענטש אַזוי שטענדיק געשען!
גאָט האָט באַשאַפן די וועלט פאַר אַלעמען גלייך,
אָבער מענטשיש האַרץ איז פאַרדאָרבן געווען,
האָט דער מענטש זי צעטיילט אויף אָרעם און רייך,
אָבער, עס וועט ניט מיט מענטש אַזוי שטענדיק געשען!...

# דער מאַנדאַרין און די זינגערס
## (אַ מעשהלע)

דזים-בערע-זין
און האַטשי-קאַ-צין —
צוויי היימלאָזע זין
פון ווייטן קירין.

האָבן קיין טאַטן,
האָבן קיין מאַמען,
האָט זיי דער עלנט
געבונדן צוזאַמען.

איז זייער קלייד
פון זאַק-שטאָף גענייט,
און זייער שוך —
אַ שמאַטע פאַרדרייט.

און בירושה
איז הונגער פאַרבליבן,
האָט זיי דער הונגער
דורך גאַסן געטריבן.

האָט זיי דער הונגער
צו בעטלען גענויט —
צו זינגען אין גאַסן
פאַר אַ שטיקעלע ברויט,

פאַר אַ ביסעלע גרינס,
אַ ביסעלע רייז,
און לעבן אין גריבער
אַזוי ווי די מייז.

*

האַט דזים־בערע־זין
פינגער גאָר דין,
שפּילט דזים־בערע־זין
גיטאַר־טאַמבורין.

שפּילט ער: דזאַם־דזים!
דזאַם־דזים און דזים־דזאַם!
פּויקט טאַמבורין:
טשאַם־טשים און טשים־טשאַם!

און האַטשי־קאַ־צין
האַט אַ ציגל אַזאַ, —
זינגט האַטשי־קאַ־צין:
טאַ־טום־באַ־לאַ־באַ!

*

אין גאַסן גאָר שמאָל,
אין גאַסן גאָר ענג,
ווו ס׳גייט אָן אַ האַנדל
און וואַנדל־געדרענג;

ווו ס׳איילן זיך מענטשן
נאָך קויף און פאַרקויף,
און ס׳ראָלן דאָרט ריקשאָס
אין גיכן געלויף —

דאָרט זיצט מאַנדאַרין
אין טיי־הויז אַליין;
זיצט דאָרט און עסט
און זופּט זיך זיין וויין.

דערהערט מאַנדאַרין, —
טשאַם־טשים און טשים־טשאַם!
דערהערט מאַנדאַרין, —
דזאַם־דזים און דזים־דזאַם!

און הערט ווי עס קלינגט
אַ לידל אַזאַ:
„טום־באַ־לאַ! טום־באַ־לאַ!
טום־באַ־לאַ־באַ!

„טום־באַ־לאַ־באַ,
העלפט אונדז אין נויט!
טום־באַ־לאַ, טום־באַ־לאַ,
שענקט אונדז אויף ברויט!

„אַ שטיקעלע ברויט!
אַ ביסעלע רייז!
מיר לעבן אַ לעבן
אַזוי ווי די מייז!"

דאָ לאַכט מאַנדאַרין:
„האַ־האַ! און האַ, האַ!
ס'איז פריילעך צו הערן
אַ לידל אַזאַ!

„אַ לידל אַזאַ
צום עסן מיר זינגען,
וועל איך מיין עסן
פאַרדייען פיל גרינגער.

„העי, זינגער, אַהער!
(ער ווייזט זיי אַ יען)
„אַט, זינגט מיר צום עסן
אַ לידעלעך צען!

„און האָב איך הנאה
פון זינגען ביים עסן,
וועל איך אייך, זינגער,
געוויס ניט פאַרגעסן!"

* * *

שפּילט דזים-בערע-זין, —
דזאַם-דזים און דזים-דזאַם!
פּויקט טאַמבורין —
טשאַם-טשים און טשים-טשאַם!

און האָטשי-קאַ-צין
זינגט לידל אַזאַ:
„טום-באַ-לאַ! טום-באַ-לאַ!
טום-באַ-לאַ-באַ!

„טום-באַ-לאַ-באַ,
העלפט אונדז אין נויט!
טום-באַ-לאַ, טום-באַ-לאַ,
שענקט אונדז אויף ברויט!

„אַ שטיקעלע ברויט!
אַ ביסעלע רייז!
מיר לעבן אַ לעבן
אַזוי ווי די מייז!"

* * *

זיי זינגען די זינגערס
„טאַ-טום-באַ-לאַ-באַ,"
און ס'עסט מאַנדאַרין
מיט חשק אַזאַ!

ער עסט און ער טראַכט:
„אַך, גאָט, דו ביסט גרויס!
דו האָסט באַשאַפן
דעם מענטש און די מויז;

„און האָסט מיט גרויס יושר
די וועלט איינגעשטעלט;
און האָסט איינגעטיילט
אי הונגער, אי זעט;

„און האָסט אויסגעוויילט
מיט שכל, מיט זין, —
ווער זאָל זיין בעטלער,
און ווער — מאַנדאַרין!

„איז דאַנק איך דיר, גאָט,
דיין חכמה איז גרויס!
דו האָסט באַשאַפן
דעם מענטש און די מויז...”

און ס’עסט מאַנדאַרין
מיט חשק אַזאַ!
און ס’זינגען די זינגערס —
„טאַ-טום-באַ-לאַ-באַ!

„טום-באַ-לאַ, טום-באַ-לאַ,
העלפט אונדז אין נויט!
טום-באַ-לאַ, טום-ם-באַ-לאַ,
שענקט אונדז אויף ברויט!...”

* * *

זיי זינגען די זינגערס
און טראַכטן:
„פאַרוואָס?
„פאַרוואָס זאָל זיין הונגער?
„פאַרוואָס ... פאַרוואָס?...

„פאַרוואָס זאָל זיין בעטלער?
„פאַרוואָס מאַנדאַרין?
„איז דאָס דען גאָטס יושר?
„איז דאָס דען גאָטס דין:

„איינער זאָל רויבן
פון ברודער זיין ברויט,
אים צווינגען צו לעבן
אַ לעבן אין נויט?...

„און האַנט וועלכע רויבט
איז איידל און דין, —
דער רויבער זיך קליידט
אין זייד און סאַטין

„און זיצט זיך אין טיי־הויז,
און זויפט דאָרט און פרעסט,
און מיר, די באַרויבטע, —
אָן אונדז גאָט פאַרגעסט...

„איז דאָס דען גאָטס יושר?...
„איז דאָס דען גאָטס דין?...
„פאַרוואָס זאָל זיין בעטלער!
„פאַרוואָס — מאַנדאַרין!"

און האַרץ פון די זינגערס
ווערט פול מיט פאַרדראָס
און שרייט אַ געשריי אויס:
„פ אַ ר וו אָ ס?!

און פ אַ ר וו אָ ס?!

„פאַרוואָס איז דער אָרעם?
„פאַרוואָס איז דער רייך?
„די וועלט איז באַשאַפן
פאַר אַלעמען גלייך!

צעטראָגט זיך געשריי
פון קירין ביז יאַנאַן:

„די וועלט איז באַשאַפן
פאַר אַלעמען גלייך!"

צעקלינגט זיך געשריי
פון קוואַנג־סי ביז אי־שאַ:

„די וועלט איז באַשאַפן
פאַר אַלעמען גלייך!"

דערהייבן זיך קעפּ
פון גריבער אַרויס, —
דער מענטש וואָס געלעבט האָט
ביז איצט ווי די מויז;

ווי ים פון טאָנגקינג,
צעשטורעמט, צעברויזט,
לאָזט זיך דאָס פאָלק
מיט בייליקן פויסט

און פאָדערט, און דונערט:

„אוים אָרעם!
אוים רייך!
די וועלט איז באַשאַפן
פאַר אַלעמען גלייך!..."

— — — — — — — — — — — —

און וואָס איז געוואָרן?
און וואָס איז געשען? —
דאָס פאָלק האָט אַ וווּנדער
אַ גרויסן דערזען:

ניטאָ מער קיין „מויז";
ניטאָ „מאַנדאַרין";
ניטאָ מער „גאָטס יושר";
ניטאָ מער „גאָטס דין",

אַ מענטש איז — מענטש איצט!
אַלע זיינען גלייך!
ניטאָ מער קיין „אָרעם",
ניטאָ מער קיין „רייך"...

*

און דזים-בערע-זין
און האַטשי-קאַ-צין
זינגען אַ ליד איצט
אי פריילעך, אי ניי:

„פון קירין ביז יאַנאַן,
פון קוואַנג-סי ביז אין-שאַן
לעבט איצט אַ פאָלק
אי גליקלעך, אי פריי."

*

געאָגראַפישע נעמען:

קירין, — צפון־מזרח מאַנטשוריע.
יאַנאַן, — דרום־פּראָווינץ, גרעניצט זיך מיט אינדיע.
אין־שאַן, — (בערג פון) מערב מאַנטשוריע, אויף גרעניץ מיט מאָנגאָליע.
קוואַנג־סי, —ביים גאָלף פון טאָנקינג. דרום־כינעזישער ים.

## איך און די מויז

איך האָב בלויז איין שוך.
איך האָב בלויז איין בוך.
שוך און בוך.
בוך און שוך.
זיץ איך מיר אין הויז.

זיץ איך מיר אין הויז,
זעגט אין דיל אַ מויז.
הויז און מויז.
מויז און הויז.
האָב איך ניט קיין קעז.

האָב איך ניט קיין קעז,
האָב איך ניט קיין קאַץ.
קעז און קאַץ.
קאַץ און קעז.
וואָס זשע טו איך דאָ?

וואָס זשע טו איך דאָ?
גוואַלד, וואָס טו איך דאָ!
דאָ ווי דאָרט.
דאָרט ווי דאָ.
קיין עצה איז ניטאָ.

קיין עצה איז ניטאָ.
בלויז אַ זאַק איז דאָ.
ליג איך אויפֿן זאַק
שטיל, שטיל, שטיל.
זעגט די מויז אין דיל.

# די פּאַטשיילע

די מומעביילע
האָט געקויפט אַ נייע פּאַטשיילע.
קומען מיר, די גאַנצע משפחה,
מיט וואַרעמע ברכות,
און גייען שפּאַצירן מיט דער מומע ביילען
אויסגעפּוצט אין איר נייער פּאַטשיילע.

גייען מיר ריי נאָך ריי,
איינע נאָך די אַנדערע — אַזוי:

חייקע־טאַלעלייקע און פרומע־די־שטומע,
גייען מיט דער מומען;

איטשע־קאַפּיטשע און זשאַמע־די־ליאַמע,
גייען מיט דער מאַמען;

לייזער־דער־בייזער און זלאַטע־די־גלאַטע —
מיט זיי גייט מיט דער טאַטע;

טילע־די־שטילע און דאָבע־די־גראָבע,
גייען מיט דער באָבען;

ברײַנע־כ׳האָב־צו־דיר־אַ־טענה און רעב פריידע —
מיט זיי גייט מיט דער זיידע:

שפּרינצע־ווו־בינצע און מיכל־דער־אויסגעדאַרטער־קיכל,
טראָגן יעדער מיט אַ ביכל.

און אַזוי
גייען מיר,
שטאָלצע,
ריי נאָך ריי,
מיט דער מומע ביילען,
אויסגעפּוצט
„פאַר גאָט און פאַר לייט"
אין איר נייער פּאַטשיילע.

## דער בייגל

דאָס געשען איז פאַראַיאָרן:
גיטל איז אַהיים געפאָרן
און געקויפט אין וועג אַ בייגל —
גאָר אַ גרויסן, פרישן בייגל.
ווען, וויל זי נעמען עסן,
וויל זי אָבער ניט פאַרגעסן
ברענגען כאָטש אַ שטיקל בייגל,
כאָטש אַ ברעקל ברוינעם בייגל
פאַר איר שוועסטער גאָסע,
און איר שוועסטער סאָסע.
וועט זי טאַקע ניט פאַרגעסן!
און באַשלאָסן: אַז אויב עסן,
וועט זי ניט דעם בייגל עסן —
זי וועט נאָר דאָס לאָך אויפעסן!
און אַזוי איז דאָס געווען.
און אַזוי איז דאָס געשען:
אויפגעגעסן לאָך פון בייגל,
ערשט — ניטאָ דער בייגל.
דאַכט זיך ניט פאַרלאָרן,
און דער בייגל — ניט געוואָרן.
האָט זי אָנגעבלאָזן באַקן רויטע,
און אַזוי איז גיטל-שוטה
ברוגזדיק אַהיים געפאָרן.

## משה׳ל

משה׳ל איז אַ בראַווער יונג!
וויל ער, טוט ער אַט אַ שפּרונג —
ה־אָ־פּ!
פון
אַלע
טרעפּ
אַראָפּ!

איי, געפאַלן! זיך צעשלאָגן!
משה׳ל אָבער, וועט ניט קלאָגן:
„אוי, אוי, מאַמע, טוט ווי דער קאָפּ!"

ווייל,

משה׳ל איז אַ יונג אַ העלד!
האָט זיך משה׳ל אויפגעשטעלט,
קראַצט פון ווייטיק זיך דעם קאָפּ...

ס׳ווילט זיך וויינען... וועט ער וויינען?
ניין. ניט משה׳ל — קינדער וויינען!
רינט אַ טרער אַליין אַראָפּ...

ווישט זיך משה׳ל אָפּ די נאָז
און שפּרינגט ווידער ווי אַ האָז —

האָפּ!
האָפּ!
האָפּ!
האָפּ!

# קליין און קלענער

קליין, און קלענער, קלענסטע, —
וועלכעס איז דאָס שענסטע?

גרויס, און גרעסער, גרעסטע, —
וועלכעס איז דאָס בעסטע?

כ'האָב אַ קליינע קו, —
קלענער פון אַ קאַלב,
האָט זי מיר אַ קעלבל —
גרעסער פון אַ שוואַלב.

מוקעט די קו: מו!
מעקעט דאָס קעלבל: מע!
— מו, מו!
— מע, מע!
מעקעט דאָס קעלבל: מע!

האָב איך מיר אַ קאַץ, —
ס'קלענסטע זאַך אין הויז!
האָט זי מיר אַ קעצל —
גרויס ווי אַ מויז.

מיאַווקעט די קאַץ: מיאַוו!
מיוקעט דאָס קעצל: מיו!
— מיאַוו, מיאַוו!
— מיו, מיו!
מיוקעט דאָס קעצל: מיו!

## מיידעלע, מיידעלע
### (אין פאָלקס־טאָן)

מיידעלע, מיידעלע, ווו ביסטו געוועזן?
כ׳בין געוועזן אין גאָרטן, — דאָרט בין איך געוועזן.

מיידעלע, מיידעלע, וואָסטו דאָרט געזען?
כ׳האָב געזען אַ רעטעכל, — דאָס האָב איך געזען.

מיידעלע, מיידעלע, וואָסטו דערמיט געטאָן?
כ׳האָב עס אויפגעגעסן, — דאָס האָב איך געטאָן.

מיידעלע, מיידעלע, וועסט ניט קענען קושן!
קום נאָר, וועסטו זען ווי איך קען ניט קושן!

## מיין ליבלינג

ניט ביים שוועד, און ניט ביים סקאָטער;
ניט ביים טערק, און ניט ביים טאָטער;
נאָר ביים שכן וואָלטער־וואָטערס
כ׳האָב געזען מיין ליבלינג שיין.

יאַ! יאַ! יאַ! יאַ!
כ׳האָב געזען מיין ליבלינג שיין!

ניט קיין וואַלרוס, ניט קיין אָטער,
ניט קיין קאַץ, און ניט קיין קאָטער;
כ׳האָב ביים שכן וואָלטער־וואָטערס
גאָר געזען מיין קעצל קליין.

האַ! האַ! האַ! האַ!
גאָר געזען מיין קעצל קליין!

## בולבוליע מאַרש־ליד

**(בולבוליע־זשאַבע)**

כאָר: גרינגאַ, גרינגאַ, גרין, גרין, גרין!
גרינגאַ, גרינגאַ, גרין!

הערט נאָר! הערט נאָר! בול, בול, בול!
מענטשן זיצן אויף אַ שטול!
אָבער זשאַבע — קיר, קיר, קיר!
זיצט זיך גרינג אויף אַלע פיר!

כאָר: גרינגאַ, גרינגאַ, גרין, גרין, גרין!
גרינגאַ, גרינגאַ, גרין!

איבער גאַס, פון אָרט צו אָרט,
מענטשן גייען — טריט־אין־טראָט!
אָבער זשאַבע — גרינג און גרונג,
טוט אַ שפרינג און טוט אַ שפרונג!

כאָר: גרינגאַ, גרינגאַ, גרין, גרין, גרין!
גרינגאַ, גרינגאַ, גרין!

כי־כי! כו־כו! לאַכט און הערט:
מענטשן רייטן אויף אַ פערד!
און ווען זשאַבע רייטן וויל,
רייט זי שטאָלץ אויף קראָקאָדיל!

כאָר: גרינגאַ, גרינגאַ, גרין, גרין, גרין!
גרינגאַ, גרינגאַ, גרין!

# זיסל

זיסעלע, זיסל! ווילסט נאָשן אַ ביסל?
זע, וואָס איך שטעל דאָ צום טיש:
לעקעך מיט האָניק, און צימעס אַ שיסל,
שאָקאָלאַד מיט מילך און מיט ניס.

צופיל צעלאָזן איז זיסעלע־זיסל,
רעדט זי צו להכעיס, די מויד;
דרייט זי מיט נעזל, און טופּעט מיט פיסל —
רעדט ווי אַ נאַרישע מויד!

„לעקעך מיט האָניק? — אויך מיר אַ ביסן!
שאָקאָלאַד מיט מילך? — בע־ע־ע, ביטער ווי סם!
צימעס מיט מערן? — אַ מאכל אַ ביסל!
אָט, עסיק מיט ראָסל, — דאָס האָט אַ טעם!
און פּעפּער מיט כריין, — איי, זיס און גוט!
פּעפּער מיט כריין, מאַמע, גיב, די מינוט!

זאָגט שטיל די מאַמע: „אָט נעם איך אַ רוט,
וועל איך דיר געבן וואָס זיס איז, וואָס גוט.”

„מאַמע, אוי, מאַמעלע, איך פיל שוין דעם טעם!
אָט וועל איך זאָגן וואָס גוט — אוי! וואָס סם!

שאָקאָלד מיט מילך — אוי! קענסט מיר איצט געבן!
לעקעך מיט האָניק איז זיס — אוי! ווי דאָס לעבן!
צימעס מיט מערן — איי, איי! האָט טייערן טעם!
עסיק מיט ראָסל — אוי־אוי־אוי! איז זויער ווי סם!
פּעפּער מיט כריין — אוי, מאַמעלע! ביטער ווי גאַל!
ביטער ווי — איי־איי־איי! אוי, ביטער ווי גאַל!

## רעב קוטע

(פאָלקסווערטל)

רעב קוטע, דער גוטער, איז ווייך ווי אַ פּוטער!
ער האָט ליב צו מאַכן שפּאַס.
און גאָר אָן געלעכטער, אָט ווערט ער אַ שלעכטער,
צעשרייט זיך אין מיטן דער גאַס.

נו, לויפט מען פון ווייטן, פון אַלע פיר זייטן,
עס ווערט אַ געזעמל דאָרט גלייך;
און יעדער באַזונדער אים פרעגט מיט גרויס וווּנדער:
„רעב קוטע, וואָס טוט זיך מיט אייך?"

„איר זייט ניט קיין שלעכטער, וואָס מאַכט איר דאָ לייטיש געלעכטער?
וואָס שרייט איר אין מיטן דער גאַס?"

דאָ ענטפערט רעב קוטע געלאַסן: „ס'איז איינער פון מיינע שפּאַסן
צו שרייען אין מיטן דער גאַס;
איך בין ניט משוגע, פאַרשטייט מיך, איר קלוגע:
אַז מען בייזערט זיך אָן, גייט אָפּ דער כעס."

# אַ הויז אויפֿן דאַך

דער זיידע איז געלאָפֿן, האָט באָבען געטראָפֿן:
— דו הערסט, באָבע, הערסט אַזאַ זאַך?
אַ הונט האָט געמיאַוקעט... אַ קאַץ האָט געהאַווקעט...
אין הויז, דאָרט, וואָס שטייט אויפֿן דאַך.

און בינען מיט פֿליגן אין בעטלעך דאָרט ליגן,
אין בעטעלעך קליין און אַ סך;
די בינען — זיי פֿאָרכען, די פֿליגן — זיי שנאָרכען,
אין הויז, דאָרט, וואָס שטייט אויפֿן דאַך.

און טעלער דאָרט שפּרינגען, און לעפֿל דאָרט קלינגען,
און גלעזער — זיי טוען אַ לאַך;
און רויטע מאַראַנצן מיט עפּל דאָרט טאַנצן,
אין הויז, דאָרט, וואָס שטייט אויפֿן דאַך.

און הינער מיט הענער — פֿון קעניגס וואַך שענער —
זיי שטייען ביי טירן אויף וואַך;
און ציגן מיט בערדלעך דאָרט רייטן אויף פֿערדלעך,
אין הויז, דאָרט, וואָס שטייט אויפֿן דאַך.

און וויצלער דאָרט זיצן, אין שפּיציקע מיצן,
און וויצלען און קיצלען אַ סך;
און האָניק זיי לעקן, און טאַבאַק זיי שמעקן,
אין הויז, דאָרט, וואָס שטייט אויפֿן דאַך.

נו, האָט בין זיך צענאָסן, דעם האָניק צעגאָסן,
און אַלץ לאָזט זיך אוים מיט אַ קראַך;
אַ פֿייקל נעמט פֿייקלען, דאָס הויז נעמט זיך קייקלען
און... טראַך! פֿאַלט אַראָפּ פֿונעם דאַך.

# דער צעטראָגענער מייסטער

דער צעטראָגענער מייסטער האָט פאַרלאָרן זיין טייסטער
אין מאַרק ערגעץ, צווישן די קראָמען;
איז גייט אום דער מייסטער און זוכט דאָרט זיין טייסטער
אין מאַרק טאָקע, צווישן די קראָמען.

נו, קומט מען צולויפן פון הייזער און הויפן —
אים העלפן דעם טייסטער געפינען;
און צו דעם געזעמל, אויך קרעמער פון קרעמל
דאָרט לויפן און זשומען ווי בינען.

„ווי קען עס ניט ווערן?" קנייטשט יעדער זיין שטערן;
„ווי נעמט עס אַ טייסטער און ווערט ניט?"
זיי טענהן צום מייסטער: „הער מייסטער!" „הער מייסטער!"
דער מייסטער — ער זעט ניט און הערט ניט.

דאָ פרעגט אים אַ ייִנגל מיט גאָר אַ שאַרף צינגל —
אַ קלוגער, אַ קאָפּ פון אַן אַלטן:
„אָט, זאָגט נאָר, הער מייסטער, ווו האָט איר דעם טייסטער
ביז איצטער געהאַלטן באַהאַלטן?"

„ביז איצטער געהאַלטן? ביז איצטער באַהאַלטן?" —
פאַרטראַכט זיך דער מייסטער: „כ'האָב שטענדיק מיין
טייסטער
געהאַלטן באַהאַלטן אין טאַש אין מיין אַלטן —
אָט דאָ... אָט דאָ... אָט..."

„אוי, זעט נאָר, מיין טייסטער!" שרייט אויס דער מייסטער —
„אָט ליגט ער אין טאַש אין מיין אַלטן באַהאַלטן!"

# מיין קאָטער

אַך, ווי קלוג עס איז מיין קאָטער!
אַזאַ כיטרען שמייכל האָט ער!
האָט אויף שטול זיך אויסגעצויגן,
ווינקט צו מיר מיט גרויע אויגן —
מ־יאַ־או!

זאָג איך: שטיפער, לייג זיך שלאָפן!
האָסט געגוג זיך אָנגעלאָפן!
מאַכט ער: שלאָפן — כ׳ניט פאַרגעסן,
איך געשלאָפן פאַרן עסן —
מ־יאַ־או!

זאָג איך: פרעסער! לאָזסט מיר וויסן,
אַז דו ווילסט שוין וואָס געניסן;
איין זאַך ווייסטו — „כ׳ניט פאַרגעסן!"
אַלצדינג גראַמט זיך דיר מיט „עסן"!
מ־יאַ־או!

מאַכט ער: כ׳האָב געלערנט גראַמען
פון מיין קעציש־קלוגער מאַמען;
מאַמע זאָגט, אַז „ניט פאַרגעסן"
איז דער בעסטער גראַם צום „עסן" —
מ־יאַ־או!

און ער טוט זיך רויִק זיצן.
טו איך אָן אים אַ שערץ מיט שפּיצן
און איך זאָג: נו, וואַש זיך עסן.
מאַכט ער: וואַשן? — כ׳ניט פֿאַרגעסן —
מ־יאַ־או!

זע איך דאָך ער איז אַ גוטער,
גיב איך באַלד אים ברויט מיט פּוטער
און איך זאָג אים: ווייסט, אַז מענטשן,
נאָכן עסן, טוען בענטשן —
אָן אַ מ־יאַ־או!

מאַכט ער: בענטשן? — כ׳ניט פֿאַרגעסן,
איך געבענטשט נאָך פֿאַרן עסן!
און ער ווינקט מיט גרויע אויגן,
און ער מאַכט גאַנץ שטיל, צעצויגן —
מ־יאַ־או!

## אַ בריוועלע צו מיין טאָכטער

**מיין ליבע טאָכטער:**

דערמאָנסט זיך די רייד
וואָס מיר האָבן גערעדט ביים געשייד?

דו האָסט געזאָגט:
„אויב איך וועל נאָר דאָרטן פאַרבלייבן,
וועל איך באַלד אַ בריוול דיר שרייבן.

און איך האָב געזאָגט:
„געוויס אַזוי, מיין קינד.”
(און געדענקסט, ווי ס׳האָט דעמאָלט געבלאָזן דער ווינט?
דו האָסט מיין קול ניט דערהערט,
האָסטו דיין אויער צו מיר צוגעקערט
און איך האָב געשריען) „אַ בריוול!
אַז דו וועסט נאָר שרייבן צו מיר,
וועל איך באַלד ענטפערן דיר!”

און איצט איז אַדורך שוין אַ צייט
ווי דו ביסט אַוועק אין דער ווייט
און איך האָב דערווייל נאָך פון דיר
קיין איינגעטונקטע פען
פאַר דער גאָר לאַנגער צייט ניט געזען.

איז גיי איך אַרום שטאַרק פאַרזאָרגט און פאַרטראַכט:
וואָס האָט אַזוינס דאָרט זיך געמאַכט?
און וואָס האָט געקענט דאָרט געשען?
דו ביסט דאָך אין אַלץ אַזוי פּינקטלעך געווען!

איך הייב אָן די זאַך גוט באַטראַכטן,
און הייב אָן די זאַך גוט באַקלערן —
(עס קען דאָך אַ טאַטן זיך דאַכטן!)
און קען נאָך אין ענין אַלץ קלאָרער ניט ווערן.

איך האָב דאָך שוין הונדערטער „אפשרם"
אַלס גוטע תירוצים געפונען;
באַלד אָבער ווערן די „אפשרם"
ווי נעבלען צעשוווּמען, צערונען.

סע נעמט מיך אַרום אַזאַ שאַרפער פאַרדראָס
און איך רעג זיך און פרעג זיך: — פאַרוואָס?

פאַרוואָס האָב איך ניט דערהאַלטן
דאָס בריוול פון דיר?
און פאַרוואָס האָסטו ניט דערהאַלטן
דאָס בריוול פון מיר?

און אפשר גאָר, (טראַכט איך מיר ווייטער):
עס טרעפט דאָך! דיין בריוו איז געפלויגן
און פאַרפלויגן העט ווייט
און האָט גאָר פאַרבלאָנדזשעט
צו אַנדערע לייט?

און אפשר גאָר, מיין בריוו
האָט עלנט געוואָגלט אין ווינט
און האָט זיך דערטראָגן
צו אַן איינזאַמען קינד?

און אפשר, איז גאָר אין דעם שולדיק די פּאָסט,
וואָס זי האָט ביז איצט זיך אין וועג ניט געלאָזט?

ווייל זי, די פּאָסט, האָט צייט!
זי האָט צייט!

דערווייל איז דער פרילינג געקומען;
עס האָבן צעבליט זיך די בלומען;
די ביימער זיך האָבן מיט בלעטער צעוואָקסן, --
און זי, די פּאָסט,
זי שלעפּט זיך נאָך אַלץ ווי מיט אָקסן.

און דיין בריוו צו מיר
איז נאָך אַלץ ניט געקומען.
און מיין בריוו צו דיר
איז נאָך אויך ניט געקומען.

איז טאַקע אַ פאַרדראָס
און אַ וווּנדער — פאַרוואָס?

אָבער, וואַרט נאָר, וואַרט!
ווי מיר דאַכט
האָב איך די גאַנצע זאַך
ניט קלאָר באַטראַכט.

ווייל געגוי
איז עס דאָך אַזוי:

דו האָסט געזאָלט בלויז
שרייבן אַ בריוול צו מיר;
און איך האָב געזאָלט בלויז
שרייבן אַ בריוול צו דיר;
אָבער,
מיר האָבן דאָך ביידע קיין בריוו ניט געשריבן, —
מיר זיינען דאָך ביידע ביים וועלן פאַרבליבן!

קיין סוף איז אין דעם דאָך ניטאָ,
איז ענדיק איך טאַקע אָט דאָ:
דו שרייב באַלד אַ בריוול צו מיר,
און איך וועל באַלד שרייבן צו דיר.
איך וואַרט,
מיט גרוסן,
און קושן,
דיין פאָטער

# מײַן טאָכטער מאָלט

מײַן טאָכטער גײט שױן אין קינדערגאָרטן,
לערנט זי זיך מאָלן דאָרטן.
מאָלט זי אױס אַזעלכע זאַכן —
טײל צום װוּנדער, טײל צום לאַכן!
און יעדעס בילד איז פאַרביק, שײן;
און יעדעס בילד איז פֿול מיט חן.

אָט מאָלט זי אַ גרינעם װאַלד
מיט גאָלדענער זון באַשטראַלט;
אַרום װאַלד — אַ גרין פעלד
מיט גאָלדענער זון באַהעלט;
אין פעלד — העזעלעך פיר אין אַ רײ,
װאָס זיצן זיך — גלאַט אַזױ,
מע זיצט, און מע זיצט,
אױערן לאַנגע פאַרשפּיצט,
און מע הערט,
און מע הערט,
און מע הערט,
װי פײגעלעך זינגען;
װי זשאַבקעלעך שפּרינגען;
װי צװײַגעלעך קנאַקן;
און, װי קראָען קראַקען.

און מע זיצט נאָך אַלץ אַזױ,
די העזעלעך פיר אין אַ רײ,
אַרום דעם גרינעם װאַלד
מיט גאָלדענער זון באַשטראַלט,
אין דעם גרינעם פעלד
מיט גאָלדענער זון באַהעלט. —

מע זיצט און מע קלערט,
און מע קלערט,
און מע קלערט:
ווי פליגעלעך פליען;
ווי בלימעלעך בליען;
ווי ווינטעלעך בלאָזן;
און, ווי עס וואַקסן די גראָזן.

און אָט איז נאָך אַ בילד:
אין קאָלירן צאַרט און מילד
האָט מיין טאָכטער אויסגעמאָלן
בלויע בערג און גרינע טאָלן.
און צווישן בערג און גרינעם טאָל —
אַ זילבער טייכל, לאַנג און שמאָל,
שלענגלט זיך אין ווייט אַוועק
ווי אַ זילבער-בלויער וועג.
און ביי די ברעגן פונעם טייך,
שטייען ביימער, הויך און גלייך,
אויסגעשטעלטע אין אַ ריי —
ווי סאָלדאַטן שטייען זיי.
און אַ שטיבעלע גאָר קליין,
שטייט ביים טייך אין טאָל אליין,
מיט אַ דאַך פון ברוינעם שטרוי,
מיט מאָך באַוואָקסן — גרין און גרוי.
זעט מען ניט אין שטיבל קיינעם,
גייט קיין רויך פון קוימען קליינעם.
קוקן פענצטערלעך צו בערג און טאָלן
און צום טייך צום לאַנגן, שמאָלן.
און די ביימער פון אַרום,
קוקן אויף דעם שטיבל שטום.

* * *

און אַט האָט טאַכטער
ניט קיין בערג, און ניט קיין טאָלן,
נאָר אַ גאָרטן אויסגעמאָלן.
איז ניטאָ גאָר וואָס צו פרעגן, —
ס׳איז קאָלירן בונטע אַ פאַרמעגן!

איז דאָס געמעל אַזוי:
דער הימל איז טיף בלוי,
(און אַלע ווייסן דאָך דערפון,
אַז עס שיינט אַראָפּ אַ גרויסע זון.)
און דער גאָרטן בליט
מיט פּילפאַרביקן צוויט.
און וועגעלעך,
און שטעגעלעך
פון אַלערליי קאָלירן
פירן
צווישן ביימער הויך און דין,
מיט שטאָם פון זאַפרען און בורשטין,
מיט בלעטער רויט און גרין,
אָראַנדזש און געל —
איך זאָג אייך:
ס׳א
וווּנ —
דער —
לעך
געמעל!

# וויגליד

איי־ליע, ליו־ליע, ליו־ליע ליו!
אין אַ לאַנד אַ ווייטן ווּ,
האָבן פּרינצן קלוג און שיין
זיך דערוווּסט פון טאָכטער קליין.

איי־ליע, ליו־ליע, ליו־ליע ליו!
האָבן פּרינצן ניט קיין רו,
לאָזן זיי אין וועלט זיך גיין,
זוכן טאָכטער קלוג און שיין.

איי־ליע, ליו־ליע, ליו־ליע ליו!
בלאָנדזשען פּרינצן אום אַווּ,
קומען זיי אין שלאָפלאַנד אָן —
זיצט מיין טאָכטער אויבן־אָן.

איי־ליע, ליו־ליע, ליו־ליע ליו!
לעבן פּרינצן שוין אין רו.
איצט זאָל חלום, טאָכטער־האָלט,
וועבן דיר אַ קרוין פון גאָלד.

איי־ליע, ליו־ליע, ליו־ליע ליו!
שלאָף און חלום, שלאָף און רו.
האָט דער חלום פליגלען ברייט,
ליגן קרוינען פיל שוין גרייט.

ליו־ו־ו, ליו־ו־ו, ליו־ו־ו!

## ראָבן

הענדעלע, הענדעלע, קור־קור קריי!
ס'ווילן ראָבן זיין ווי שניי!
גייען ראָבן צו דעם בעדער,
ווילן וואַשן שוואַרצע פעדער.

וואַשן, וואַשן, ס'ווערט ניט ווייס.
נו, איך פרעג אייך, איז דאָס נייעס?

## אַ טאַנץ
**(רוסאַוויאַנקאַ)**

גלייך ווי אַ קאַטשערע, קרום ווי אַ ווירע,
שפילט מיין קעצל אויף אַ לירע.
שפילט זי אַ טענצעלע, שפילט זי אַ לידל,
העלפט איר הינטל אויף אַ פידל.

מאַכט מיין קעצל — מיאַוו, מיאַוו, מיאַוו!
העלפט איר הינטל — האַוו, האַוו, האַוו!

# גוט־נאַכט

ברינדע־בריינדע,
גרויס ווי אַ מאַן,
אין בלויער נאַכט־העמד
אָנגעטאָן,

קוקט אין פענצטער,
קלאַפּט אין טיר:
— וואַרטן קינדער
דאָ אויף מיר?

— איך ברענג חלומ'ס
שענסטע קרוין,
נאָר פאַר די וואָס
שלאָפן שוין.

* * *

ברינדע־בריינדע,
בלויע נאַכט,
שטייט פאַרחלומט
און פאַרטראַכט,

און לבנה
ליכטיק לאַכט,
שעפּטשען מאַמעס:
— גוטע נאַכט.

## יאָסל

יאָסל, יאָסל, קאָך אַ ראָסל,
ס׳קומען צו דיר געסט.
כאַפּט ער שיך און לויפט אין קיך
גרייטן פאַר די געסט.

יאָסל, יאָסל, ווו איז דיין ראָסל?
פרעגן אַלע געסט.
אָ, דער ראָסל? ענטפערט יאָסל:
ס׳קאָכט זיך, מיינע געסט!

גייט מען זען וואָס יאָסל קען,
מ׳קומט אַריין אין קיך —
אוי! ס׳האָט גאָר יאָסל, אָנשטאָט ראָסל,
אָפּגעקאָכט די שיך!

## עסט געזונט

באַשע, באַשע, קאָך אַ קאַשע
פאַר דיין מידער מאַמען!
אָט קומט מאַשע, אָט קומט כאַשע —
עסט געזונט צוזאַמען!

## יודל

מאַמע האָט געמאַכט אַ קוגל
און געשטעלט אַפּקילן;
האָט עס אויפגעגעסן יודל
און אַוועק זיך שפּילן.

— יודל, סטייטש! אַ גאַנצן קוגל?
ווי קען מען אויפעסן?
כ'האָב בלויז שטיקלעך, ענטפערט יודל,
שטיקלעכווייז געגעסן.

## הייס און קאַלט

הייסער קוגל — איז היים.
קאַלטער קוגל — איז קאַלט.
הייסער קוגל, קאַלטער קוגל —
ליגט אין טאָפּ דער אַלטער קוגל,
ניין טאָג אַלט!

איך עס קוגל — היים.
דו עסט קוגל — קאַלט.
ער עסט קוגל — הייס און קאַלט,
בלייבט אין טאָפּ ניט מער קיין קוגל
ניין טאָג אַלט.

## די נאַשערין

טרעטן, טרעטן פיסעלעך,
לויפן פון די טרעפ.
האָט געגאַשט צו ביסעלעך
שוין פון אַלע טעפ.

דערזען האָט קליינע פון דער קיך,
מאַמע קומט אין הויז;
לויפט זי פון די טרעפ אויף גיך,
וויל אין גאַס אַרויס.

קומט די מאַמע און זי זעט —
ליידיק אַלע טעפ!
און די קליינע — טריט-טריט-טרעט,
לויפט דאָרט פון די טרעפ.

## בערל-שטיפער

בערל-שטיפער נעמט אַ שערל,
שערט די האָר פון שוועסטער פערל.
קומט די מאַמע: „ס׳טוסטו, בערל?״
— כ׳שער די האָר פון שוועסטער פערל.

פיטש פאַטש! מאַכט די מאַמע.
בערלס באַקן נעמען פלאַמען.
עפנט בערל מויל אַ גרויסן,
מיט געוויין ער לויפט אין דרויסן.

## כייקע

כייקע נייט אַ קליידל
פאַר אַ גוטער מיידל.
איז די גוטע מיידל דייקע
ניט קיין אַנדערע ווי כייקע.

## פּעסל און ניסל

עס נעמט די קליינע פּעסל
טוט אָן אויף טיר אַ שלעסל
אַט, גלאַט אַזוי, אויף שפּאַס.
קומט אָן דער קליינער ניסל
פאַרשליסט עס מיט אַ שליסל
און גייט אַוועק אין גאַס.

## די קליינע פּעסל

קלעטערט קליינע פּעסל,
שטעלט זיך אויף אַ פּעסל:
— זע!
אויסגעוואַקסן פּעסל
העכער פון דעם פּעסל!

גאַכדעם וויל שוין פּעסל
אַראָפּגיין פון דעם פּעסל —
איז צו הויך דאָס פּעסל,
קען ניט אַראָפּגיין פּעסל.

## די געראָטענע קעכין

ברײנדל האָט געלערנט קאָכן
גאַנצע לאַנגע אַכצן װאָכן;
האָט זי זיך אין אַכצן װאָכן
אױסגעלערנט מילך צו קאָכן.

האָט זי צוגעשטעלט אַ טעפּל
און איז נעבעך אײנגעשלאָפן,
איז דאָס קאָכיק מילך פון טעפּל
גאָר אין גאַנצן אױסגעלאָפן.

## אַ ליד אַזאַ
(װאָקאַלן)

האַ, האַ, האַ!
אַ ליד אַזאַ.
הוי, הוי, הוי!
אַט אַזוי.

הע, הע, הע!
זינג און זע.
היי, היי, היי!
פון דאָס ניי.

היי, היי, היי!
אָן געשריי.
הו, הו, הו!
פול מיט רו.

הי, הי, הי!
ברינג אָן מי.
האָ, האָ, האָ!
מער ניטאָ.

## קניידל־קנעטער
(זאָג גיך)

קניידל־קנעטער קנעטן טייגל,
בייגל־בעקער באַקן בייגל;
קנעטן קניידל קנעטער ניט קיין טייגל,
באַקן בייגל־בעקער ניט קיין בייגל.

## נאָסן־ניסער

נאָסן־ניסער שטייט אַ נאַסער.
ר׳האָט געטראָגן ראָסל־וואַסער —
ה־ה־האַפּשו! האָט ער זיך צענאָסן,
און מיט ראָסל זיך באַגאָסן.

## האַנס דער היטער

גאָר געניטער האַנס דער היטער,
האָט ניט ווי צו האַלטן הונט;
ווערט געוויטער, וויינט ער ביטער —
„ווי, און ווי, מיין הימלאָז הונט!״

## פּיוול־פּרעגער

פּיוול־פּרעגער פּרעגט טאָדרעס־טרעגער:
זאָג, ווי דאַרף מען זאָגן —
כ׳האָב געמעגן? צי, כ׳האָב געמאָגן?
כ׳האָב געפרעגן? צי, כ׳האָב געפראָגן?

זאָגט טאָדרעס־טרעגער צו פּיוול־פּרעגער:
מאָגן, — מאָג מען מעגן;
מעגן, — מעג מען מאָגן;
אָבער, קיינמאָל ניט „געפרעגן״!
און אויך קיינמאָל ניט „געפראָגן״!

## אַ גלייכע זאַך

גרשון־גייער זאָגט צו מאיר־דרייער:
זאָג מיר אַ גלייכע זאַך.
זאָגט מאיר־דרייער צו גרשון־גייער:
גיי דיר, און רייד קיין סך.

## זינגט דער טאַטע

(פאָלקסווערטל)

מיט אַ נאָדל נייט דער טאַטע,
זינגט מיט יעדן שטאָך:
„לייגט מען ניט קיין קליינע לאַטע,
ווערט אַ גרויסע לאָך".

## ביי דעם ברעג

ועלוול-וואָגלער שטייט אויף שיף
ביי דעם ברוינעם ברעג.
וויגט זיך שיף אויף וואַסער טיף, —
גרייט צום וויטן וועג.

זאָגט די מאַמע: „פאָר געזונט!
גרים די קינדער דאָרט"!
„זיי געזונט!" און „פאָר געזונט!"
רירט זיך שיף פון אָרט.

בלייבט די מאַמע ביי דעם ברעג,
שיף, — מע זעט זי קוים!
און צום ברעג פון וואַסער-וועג
יאָגט אַ ווייסע שוים.

## פישערלייט

פישל-פישער און ניסל-נאַשער
פישן פיש אין פרישן וואַסער.
שוין פאַרוואָרפן הוק און האַקן,
גרייטן זיי זיך פיש צו פאַקן.

וויגט זיך שיפל אויפן טייך —
ניסל נעמט צום פּרעס זיך גלייך,
כאַפּט א נאַש, אַ לעק, אַ ביס, —
פישל זיצט און שטומט ווי פיש.

הייבןביידע אויף די אויגן,
זעען: ווענדקע — אָנגעצויגן,
ציט און ציטערט, צוקט און צאַפּלט.
ווערט מען פריילעך און מען פּלאַפּלט:

„פיש אין וואַסער דאַ גענוג!"
„נעם און שעפּ כאַטש מיט אַ קרוג!"
ציט מען ווענדקע — אוי, ניט גוט!
זע, געכאַפּט גאָר צווייטנס הוט!

## דער פויגל און דאָס קעצל

אַ פויגל זיצט אויף אַ צווייג,
קריכט קעצל אַרויף אויף דעם בוים;
פליט פויגל אַראָפּ פון דעם צווייג,
בלייבט קעצל אַליין אויף דעם בוים.

„נו, כאַפּ מיך״, מאַכט פויגל פון ווייט,
„אָט זיץ איך און וואַרט אויף דעם דאַך״.
— מיאַוּ־מיאַוּ! איר געפליגלטע לייט!
מען קען אייך ניט גלויבן קיין זאַך!

## אַ פייגעלע

אַ פייגעלע זיצט אויף אַ שטאַנג —
צווי־טשי, צווי־טשי, צווי!

זי צוויטשערט אַ שיינעם געזאַנג —
צווי־טשי, צווי־טשי, צווי!

כ׳וויל אָנשיטן זאַלץ אויף איר עק —
צווי־טשי, צווי־טשי, צווי!

פליט פייגעלע ווייט, ווייט אַוועק —
צווי־טשי, צווי־טשי, צווי!

## דאָס קלוגע פייגעלע

זאָגט אַ ייִנגעלע אַ קליינער
צו אַ פייגעלע אַ שיינער:

„פויגל, פויגל, פון דעם צווייגל!
קום, איך האָב פאַר דיר אַ שטייגל!
קום, איך וועל עס דיר באַווייזן
ווי עס איז געמאַכט פון אייזן;
ווי עס האָט אַ גאָלדן טירל,
פעסט פאַרריגלט מיט אַ שנירל;
ס'איז פאַרשלאָסן מיט אַ שלעסל
ווי אַ קליין און גאָלדן פעסל.
קום, פון גאָלדענע געפעסן
וועל איך געבן דיר צו עסן,
און פון זיידנס אַלטן בעכער
וועל איך געבן דיר צו טרינקען.
וועסט אין שטייגל שענער זינגען,
ליבער וועט דיין קול דאָרט קלינגען.
פויגל, פויגל פון דעם צווייגל,
קום צו מיר אין שיינעם שטייגל!"

זינגט דער פויגל: טווי-טווי-טווי!
נאַריש ייִנגל! טווי-טווי-טווי!
פריי בין איך דאָ אויף דעם צווייגל,
כ'וועל ניט גיין אין שיינעם שטייגל!

און דער פויגל טוט אַ לאַך,
מיט די פליגל טוט אַ מאַך,
טוט אַ פלי אַהין, אַהער —
און ניטאָ דער פויגל מער.



## אַ מאַמע־ענטל

גייט אַן ענטל, קוואַקעט הילכיק,
הוידלט זיך פון זייט צו זייט;
אַ מאַמע־ענטל, שטאָלץ און ווירדיק,
פירט איר קליינוואַרג און זי שרייט:

— קוואַ־קוואַ! מאַכט אַ וואַרע!
מאַכט אַ וואַרע!
כ׳בעט אייך, ווער איז צו מיר גלייך!
מאַכט אַ וואַרע! מאַכט אַ וואַרע!
כ׳פיר מיין קליינוואַרג דאָך צום טייך!

## דער גוטער קאַטער

איי, ווי גוט עס איז מיין קאַטער!
אַזאַ ווייכן פוטער האָט ער!
און ער קוקט מיט אויגן גרוי,
און ער מורקעט שטיל אַזוי.

קאַטער איז אַ גוטער,
עסט ער ברויט מיט פוטער,
און וועט ניט פאַרגעסן
שלאָפן נאָכן עסן.

פון זיין פעל די ברוינע פלעקן
וויל ער מיט דער צונג אָפּלעקן.
ער האָט ליב זיך וואַשן ריין —
איז ער טאַקע גוט און שיין.

## דער בער

בור־ר־ר, בור־ר־ר, בער!
קוים, קוים אַ קער
אַרום בינשטאָק — הין און הער.

אַרום בינשטאָק, הער־און־הין,
פליען, זשומען, בין נאָך בין.

און אין בינשטאָק — האָניק זים!
אָבער, אוי, דער בינען־בים!

טראַכט מיין בער דאָ ניט קיין סך
און ער זאָגט אַזאַ מין זאַך:

— ווייל דער בער דעם האָניק עסן.
מוז דער בער די בין פאַרגעסן!

## דאָס בערישע שלאָפליד

אין די וועלדער ברומען בערן,
ברומען בערן — בר־ר־רום, בר־ר־רום!
און די ביימער שטומע הערן,
שטומע הערן — ש־ש־שטום, ש־ש־שטום!

און אַ ווינטל רוישט פאַרשלאָפן,
רוישט פאַרשלאָפן — ש־ש־שטיל, ש־ש־שטיל!
שפּרינצע, קינד מיינס, וויל שוין שלאָפן,
וויל שוין שלאָפן — וו־וו־וויל, וו־וו־וויל!

וועל איך שפּרינצעס וויג אויפהענגען,
וויג אויפהענגען — הוי — דאַ!
אויף אַ צווייג די וויג אויפהענגען,
וויג אויפהענגען — הוי—דאַ!

איך וועל שפּרינצען וויג־ליד זינגען,
וויגליד זינגען — ליו־רו, ליו!
ווען מיט וויגליד וואַלד אָפּקלינגען,
וואַלד אָפּקלינגען — ליו־רו, ליו!

ליו־רו,ליו!
שלאָף אין רו, רו!

# דאָס ליד פון פרומען וואָלף

שעפּסעלעך, לעמעלעך,
פון די ווייטע וועגן!
כ'האָב גראָז געגרייט,
פאַר אייך געשפּרייט
אויף די ווייסע זעגן.

שעפּסעלעך, לעמעלעך,
פון די גרינע טאָלן!
קומט געניסן
א גוטן ביסן
פון די רויטע שאָלן.

שעפּסעלעך, לעמעלעך,
ביי דעם זילבער-טייכל!
קומט פאַרזוכן
זיסן קוכן,
האָניק-טאָרט אַ מאכל!

שעפּסעלעך, לעמעלעך,
פון די באַרגן-שפּאַלטן!
פון ווינטעלע,
פון הינטעלע,
איך וועל אייך באַהאַלטן!

שעפּסעלעך, לעמעלעך,
פון נאָענט און פון וויט!
קומט אריין!
קומט אריין!
אַ-אַ-אַ, ווי גוט איר זייט!

## אַ האָז

לאַנגער אויער,
ברייטע נאָז, —
צווישן גראָזן
שפּרינגט אַ האָז:
שפּרינג און שפּרונג
ער שפּרינגט;
זינג און זונג
ער זינגט.
שפּרינגט אַרום,
זינגט אַרום,
און בלייבט זיצן
שטום, שטום, שטום.
דרייט דער האָז זיין נאָז אַהער —
גר, גר, גר! — קומט אַ בער.
דרייט דער האָז זיין נאָז אַהין —
זום, זום, זום! — קומט אַ בין.
טוט דער האָז אַ שפּרונג אַהין,
טוט דער האָז אַ שפּרונג אַהער,
און — ניטאָ קיין האָז דאָ מער!

## לאַנגע צונג

קלינג, קלינג, קלאַנג!
אַז אַ צונג איז לאַנג,
זינגען מיר אַזוי,
זינגען מיר אַזוי: —

גרויסע צונג,
לאַנגע צונג,
טו אַ נאַש,
טו אַ שלונג.
טו אַ קלונג
אין טיען־טסין,
וועט דערהערן
גאַנץ קירין.

וועט מען זינגען
אין כאַרבין,
אַז אַ צונג
האָט געטאָן אַ קלונג
אין טיען־טסין,
האָט דערהערט עס
גאַנץ קירין.

קלינג, קלינג, קלאַנג!
אַז אַ צונג איז לאַנג,
זינגען מיר אַזוי!
זינגען מיר אַזוי!

## מיין הונט קוגאַר

(פון עליע פאַרמער׳ס מעשיות)

כ׳האָב שוין אייך דערציילט אַמאָל
פון מיין פאַרם אין רויטוואַלד־טאָל,
ווו אויף ברוינער פעטער ערד
גראָזן זיך טאַבונעס פערד,
און קי, און אָקסן גרויס אין צאָל,
און סטאַדעס שעפסן שווער מיט וואָל.

כ׳האָב דערציילט פון בריטן טייך
מיט זיין שוויבלדיקן קעניגרייך:
פון די פישן אַלערליי,
פון געוווינהייטן ביי זיי, —
ווי זיי לערנען זיך צו קליגן
קעגן רויבער, קעגן קריגער.

כ׳האָב דערציילט אייך פון דער מוסק־מויז,
פון די שפייכלערס אין איר הויז;
ווי זי גרונטעוועט נאָך שפייז
און ווי זי וועט ניט פאַרגעסן
צו וואַשן די שפייז פאַרן עסן, —
זי איז די ריינסטע פון די מייז!

כ׳האָב דערציילט פון ווייסן שוואַן;
פון אָפטן גאַסט — דעם פעליקאַן;
און פון ביבער־אינדזל דאָרט —
ווי אין מיטן טייך אַ פאָרט
מיט דאַמבעט, טונעלן און בריקן —
געבויט ווי פון מייסטערס געשיקטע.

כ'האָב דערציילט פון פאַרמערס פריינד!
כ'האָב דערציילט פון פאַרמערס פיינט;
פון דער פעלד-מויז — גרוילעך-גרין;
פון דער גיפטיק שוואַרצער שפּין;
פון די שלאַנגען אין די גראָז,
און פון פוקסן, און פון האָז.

כ'האָב דערציילט פון וואַלד אין טאָל
און פון די וועלף דאָרט גרויס אין צאָל.
וועל איך אייך דערציילן היינט
פון מיין בעסטן גוטן פריינד,
וואָס ווייסט ניט פון קיין טויט-געפאַר —
פון מיין שוואַרצן הונט ק ו ג אַ ר.

זיצט זשע רויק, הערט מיך אויס:
ס'איז אַ מעשה פאַר קליין און גרויס:

# קוגאַר און דער וואָלף

איינמאָל, ווינטער, נאָר־וואָס אָוונט
(ס׳שטייט דער וואַלד דאָך אַזוי נאָענט),
איז פון וואַלד אַ בייזער וואָלף
נאָכגעגאַנגען די שפּור פון שאָף,
איז געקומען צו די שטאַלן
און געזוכט דאָרט וואָס צו באַפאַלן.

זיינען שטאַלן דאָך פאַרשפּאַרט,
האָט דער וואָלף דעם שניי צעשאַרט,
האָט מיט נעגל דעם אייז צעשאָבן,
האָט מיט לאַפּעס די ערד צעגראָבן,

האָט אונטער טויער זיך געשאַרט
און האָט אין שטאַל זיך אַריינגעשפּאַרט.

וואָלט אים קיינער ניט דערהערט,
וואָלט אים קיינער ניט געשטערט.

אָבער,
הינט אין הויף נעמען האַווקען;
און די קעצלעך נעמען מיאַווקען;
און די האָזן נעמען קוויטשען;
און די קעלבער נעמען ריטשען;
און די ציגן נעמען מעקען
און די לעמער נעמען בלעקען.

הייבן בהמות אָן צו מוקען;
און די אייזלען הי־הי־הוקען;
און די אָקסן נעמען סאָפּען;
און די פערד — זיי הירזשען, כראָפּען.

הייבן העגער אָן צו קרייען;
און די הינער קאָ־קאָ־קאָקען;
און די גאָנערס היסטען, פליען;
און די גענדזלעך גאָ־גאָ־גאָקען.

און דער אינדיק שרייט און פילדערט:
— האָלדער־הילדער! האָלדער־הילדער!

און די ענטלעך — שטאַרק צעשראָקן —
קוואַק־וואַקען, קוואַק־וואַקען, קוואַק! קוואַק!

* * *

אין מיין הויז איז אָונט־שטיל:
ס׳ליגט קוגאַר זיך אויפן דיל;
און דער אויוון וואַרעמט, גליט;
און אַ טשייניק קאָכט און זידט —
וויל מיט אומעטיקן ניגון
ס׳גאַנצע הויז אין שלאָף פאַרוויגן.

מיטאַמאָל ווערט אַ ליאַרעם
און טרייסלט אויף די גאַנצע פאַרם!

ווי טרומייטערס וואָלטן שאַלן,
טראָגן קולות פון די שטאַלן!

ס׳נעמט מיר טרייסלען צאָן־אָן־צאָן,
כ׳ווייס ניט וואָס מען הייבט אָן טאָן!

ווי מיין וואָלפן־הונט, קוגאַר,
האָט דערשמעקט נאָר די געפאַר
און דערהערט געהייל פון שטאַל, —
האָט ער טיר געטאָן אַ פראַל,

איבער הויף געטאָן אַ יאָג
און צו שטאַלן זיך אַ טראָג.

האָט אונטער טויער זיך געשאַרט,
האָט אין שטאַל זיך אַריינגעשפּאַרט,
האָט קעגן וואָלף זיך אויפגעשטעלט
מיט אַן אויפגעהורבעט רוקנביין,
האָט שטאַרקע ציינער אויסגעשטעלט
און האָט געקלאַפּט מיט די שטאַרקע ציין.

פּלוצלינג האָט ער זיך געטאָן אַ וואָרף
אויפן שינדער — אויפן וואָלף,
מיט אַ שיפּען, מיט אַ סאָפּען!
מיט אַ כריפּען, מיט אַ כראָפּען!
לאַפּעס קלאַפּן — קליפּ! און קלאַפּ!
ציינער שנאַפּן — כר־ר־ריפּ! און כר־ר־ראָפּ!

און דערנאָכדעם — וואָלף־געוווי.
און דערנאָכדעם — שטיל אַזוי...

און דערנאָכדעם — הונט־געבריל.
און דערנאָכדעם — ווידער שטיל...

ביז איך בין צום שטאַל געקומען,
איינגעשטילט האָט זיך דאָס ברומען.

ציטערט אויף אין האַרץ אַן אָדער:
— צי לעבט נאָך מיין קוגאַר?
צי איז נאָך גרוים די וואָלף־געפאַר?

כ׳קלאַמער ביקס צום שיסן גרייט.
מיין פּאַסטוך, מיט עלעקטרישן פּאַנאַר,
לויפט און עפנט טויער ברייט
און — ס׳טוט אַ שלאָג אין האַרץ אַ פרייד!
כ׳זע: דער גרויער ליגט אַזוי
אויסגעצויגן, שטיל, אויף שטרוי...
און מיין קוגאַר — ווי אַ זיגער —
שטייט מיט לאַפּעס אויף דעם קריגער.

דערזען מיך אין טויער שטיין,
שטעלט ער אויס זיינע שטאַרקע ציין,
טוט אַ ברום מיט שטאָלצן קאָפּ
און גייט פון טויטן וואָלף אַראָפּ.

אָט אַזאַ מין וויסטן סוף
האָט די מעשה מיטן וואָלף.

* * *

און געשען איז דאָס אין יאָר
ווען מיין רויטע האָט געהאַט אַ פּאָר:
איינס אַ רויטס, ווי זי אַליין,
און דאָס צווייטע — שוואַרץ און קליין.

האָט די רויטע זיך צעוואָקסן —
גרעסער, שטאַרקער נאָך פון אָקסן!
אָפּגעציילט דריי קאַלבן־יאָרן
און איז באַלד אַ קו געוואָרן.

מעגט איר אָנקוקן אַ קו —
אויסצופאָרן וועלטן! נו,
און די שוואַרצע? — אויך אַ קו,
און אַ „בהמהלע” דערצו.

אויב איר ווילט נאָך הערן איצט,
זיצט מיט אויערן פאַרשפּיצט,
כ׳וועל דערציילן, הערט זיך צו,
פון מיין „לויפערקע״ דער קו.

## מיין רויטע קו

שטאָלץ איז זי, די רויטע מיין —
ווי די וועלט וואָלט אירע זיין!
קלוג איז זי, די רויטע מיין,
שיין און קלוג — ווי אַ קו קען זיין.

אויגן האָט זי — פלאַם און בליץ!
הערנער האָט זי — שאַרף, פאַרשפּיצט.
און אויף שטערן איז אויסגעקריצט
אַז אין איר דער מזיק זיצט.

„לויפערקע״ איך רוף דעם מזיק.
שטענדיק איז זי מיר אין היזק!
וויל אין שטאַל מיט קי ניט שטיין,
וויל נאָר לויפן, זיין אַליין.

איינמאָל, ערשט אין שטאַל פאַרשפּאַרט,
פרישע היי איר צוגעשאַרט,
און איך בין אַוועק אין פעלד —
סנאָפּעס דאָרטן אויפגעשטעלט.

כ׳בינד דעם קאָרן און מיר דאַכט
אַז שטאַל האָט זיך אויפגעמאַכט.
כ׳אייל צוריק, — די שטאַל איז אָפן,
און מיין רויטע איז אַנטלאָפן.

זוך איך, רוף איך, און זי פעלט.
כ׳קום צום קוקורוזע־פעלד —
כ׳זע אין טאָל, אין הויכן קאָרן,
וויגט זיך רויטער קאָפ און האָרן.

און ווען דערזען אַז איך קום נאָך איר,
לאָזט זי זיך אַנטקעגן מיר
מיט אַ „מו־ו־ו!״ ווי איינער זאָגט:
„וואָס האָסטו זיך נאָך מיר געיאָגט?״

זאָג איך: אַ בהמה — מעג זי זיין
אי רויט, אי קלוג, אין שיין,
אָבער, צוריק צום היי אין שטאַל
מוז זי מיט איר קלוגשאַפט גיין.
כ׳האָב אויף האַלדז פאַרוואָרפן איר אַ שטריק
און אָפּגעפירט זי אין שטאַל צוריק.

* * *

זינט כ׳האָב דערקענט די רויטע קו
האָב איך ניט געהאַט קיין ברעקל רו.

איינמאָל, ווינטער, זון און קעלט;
טיף דער שניי ליגט אויפן פעלד;
שטיל דער טאָל — פון האָן קיין קריי!
אונטער טריט בלויז קרעכצט דער שניי.

אָנגעטאָן אין פעלצל וואַרעם,
איבער פעלדער פון מיין פאַרעם
כ׳גיי מיט קוגאַר אויף דער וואַכט,
איידער ס׳קומט די ווינטער־נאַכט.

היטן מוז מען! טאָמער וואָלף,
טאָמער בלאָנדזשעט ווו אַ שאָף —
ס׳ליגט מיין פאַרעם דאָך צעשפּרייט!
טראָג איך ביקס געלאָדן, גרייט,
מאַלע ווי אַ זאַך זיך מאַכט
אין אַ פעלד, און צו דער נאַכט.

גיי איך רויִק, פייף זיך צו —
ס׳וויגט זיך טאָל מיט ווינטער־רו:
פון ווייטן קוימען קנוילט אַ רויך
און בלייבט פאַרחלומט אין דער הויך;
און אין בלויען הימל־הויך
אַ ווייסער וואָלקן חלומט אויך.

פלוצלונג שאַלט פון וואַלד אַ „מו־ו־ו!״
און טרייסלט אויף אין טאָל די רו.

פינצטער ווערט מיר ווייסער טאָג!
ס׳טוט דאָס בלוט אין האַרץ אַ שלאָג:
— ס׳איז מיין קו! מיין רויטע קו!
נו, וואָס טוט מען איצט דערצו?

כ׳בין אין שרעק געבליבן שטיין:
— לויפּערקע! מיט וועלף אַליין!

וואָלף איז ווילד, און וואַלד איז גרויס —
אַך, וואָס לויפּערקע קען טאָן!
שניי איז טיף, און וואָלף איז בייז,
און הונגער שאַרפט זיין שטאַרקן צאָן.

שוין, פאַרפאַלן לויפּערקע!
שוין, דער סוף פון רויטינקער!

ווי איך שטיי און טראַכט אָט דאָ,
כ'זע מיין קוגאַר איז ניטאָ.
און סע נעמט פון וואַלד זיך טראָגן
וועלפיש וויען, וועלפיש קלאָגן.
און אַ ברילן הערט זיך באַלד,
און אַ ברומען טראָגט פון וואַלד.
און געשריי באַלד נעמט זיך הייבן —
ווי דאָרטן וואָלטן קעמפן לייבן!

און איך זע אין לופטן באַלד,
קראָען קרייזן איבער וואַלד
מיט אַ פלאַטער און געדריי,
מיט אַ קראַקען און געשריי.

טראַכט איך — נו, שוין אַלץ פאַרלאָרן!
אויך מיין קוגאַרן אָנגעוואָרן!
קעגן טשאַטע וועלף — און אַליין —
וועט מיין בראַווער ניט ביישטיין.

פלוצלונג שטילט זיך איין דער וואַלד;
שוואַכער ווערט דאָס וויען באַלד;
שוואַכער, ווייטער, און צעצויגן —
ווערט מיט קראָען ווו פאַרפלויגן.

וואַלד איז ווידער שטיל געוואָרן,
און איך שטיי נאָך ווי פאַרלאָרן:
אָן מיין רויטער, און אָן מיין פריינד —
ווי וועל איך אַהיימגיין היינט?

מיטאַמאָל, — אין וויט — אַ בילן
און אַ טופּען כ׳דערהער אַ שטילן.
האָב איך אויגן אָנגעשטעלט
צו דעם וואַלד און צו דעם פעלד.

כ׳זע, ביים וואַלד, אַ רויטס זיך העלט.
נאָכדעם, איבער שנייאיק פעלד,
כ׳זע מיין רויטינקע זיך טראָגט
און נאָך איר מיין קוגאַר יאָגט.

קוק איך, און מיין פרייד איז גרויס:
ביידע פון געפאַר אַרויס!

ביידע קומען שטאָלצע צו —
קוגאַר, און מיין רויטע קו;
ביידע זיינען שטאַרק צעהיצט
און מיט וואָלפן־בלוט באַשפּריצט.

און איך, צעוואַרעמט פון גרויס פרייד,
ווי צו מענטשן כ׳רייד און רייד:
— זאָג מיר, קוגאַר, זאָג מיר, רויטע,
וויפל וועלפלעך ליגן טויטע?
וואַרפט מיר קוגאַר „האַוו־האַוו!” צו,
און די רויטע גיט אַ „מו־ו־ו!”

גלעט איך קוגאַרס שטאָלצן קאָפּ,
וויש דער רויטערס האָרן אָפּ,
און אין וועג זיך גלייך פאַרנומען —
און אַלע דריי אַהיים געקומען.

* * *

האָב איך שטאַלן אויפגעמאַכט,
האָב די קו אַריינגעבראַכט,
און די רויטע צוגעבונדן
צו אַ גרויסן סלופּ אַ רונדן:
— דאָ, מיין רויטע, וועסטו שטיין
ביז איך וועל דיך לאָזן גיין!

און דערווייל, אין שטומע צינגער
רעדט און מאָנט דער דורשט און הונגער.
(שטומע צינגער בעטן שטום —
ווער מיט מעקען, ווער מיט ברום.)
גיב איך קערנער, האָבער, היי,
און צו טרינקען גיב איך זיי.

* * *

ביז איך האָב די שטאָל פאַרמאַכט,
אָנגערוקט האָט זיך די נאַכט
און דעם שניי מיט בלוי באַהויכט.

אין ווייט, מיין הויז איז שוין באַלויכטן;
פון די פענסטער, פראָסט-באַהויכטע,
שטראָמען פאַסן ליכט אויף דעם אַרום
און צינדן שטערנדלעך אין שניי.

איך גיי. קוגאַר, אַ מידער, גייט-נאָך שטום.
דער פראָסט איז גרויס,
ריטשעט אונטער טראָט
און קנאַקט אַ פראָסטיק לידל אויס.

און אין מזרח, הינטער באַרג דאָרט,
קוקט לבנה גרויס און רויט אַרויס.

כ'הער אין גאַנג דער „גאָנג" (*) שוין קלינגט:
„אָונט-ברויט איז גרייט! גרייט! גרייט!"

ווערט מיין קוגאַר פריילעך, שפרינגט
און בילט: „האַוו-האַוו"! כ'בין גרייט! גרייט!

זאָג איך: קוגאַר, הונט פון הינט!
האָסט דיין עסן היינט פאַרדינט!

* * *

זיינען מיר אַריין אין הויז —
שטוב איז וואַרעם, אויוון ברענט,
און ווייב און קינד און פאַרם-הענט
קוקן שוין אויף מיר אַרויס.

הענג איך ביקס אויף אַף דער וואַנט,
טו מיין שעפסן-פעלצל אויס,
און מיט וואַסער פון קאַלטן קראַן
כ'וואַש דעם פראָסט פון מיר אַרויס.

זעצן אַלע זיך צום טיש,
און עסנדיק די שפייזן פרישע,
איך דערצייל אי „וואָס", אי „ווען",
ווי דערהערט, און וואָס געשען,

* „גאָנג": אַ שטיק שטאָל הענגט אויף אַ שטריק. ווען מ'קלאַפט אין דעם גיט ער אַרויס אַ הילכיקן קלאַנג וואָס הערט זיך ווייט. דער „גאָנג" ווערט גענוצט צו רופן די „פאַרם-הענט" עסן.

און ווי פלוצלונג — קוגאַר פעלט!
(אָט דער שוואַרצער, אָט דער שוטה!)
ער האָט זיין לעבן איינגעשטעלט
צו ראַטעווען די רויטע...
און
ס'איז ניט קיין גרינגער ביסן!
ער האָט די רויטע, איר מעגט עס וויסן,
פון וואָלפ'ס מויל אַרויסגעריסן!

מיינט איר דאָך, ער האָט די רויטע ליב
ביז איינשטעלן פאַר איר זיין לעבן?
ניין, ס'הייבט זיך גאָר ניט אָן!
ניט פאַר איר
האָט ער זיין לעבן געשטעלט אין קאָן,
נאָר פאַר מיר.
ער ווייסט דער הונט, אַז די רויטע
איז מיר טייער.
און פאַר מיר וועט ער תמיד
גיין אין פייער!

אָט אַזאַ איז ער, מיין קוגאַר —
ער ווייסט ניט פון קיין טויט-געפאַר!
איז עס דען אַ וווּנדער,
וואָס איך האָב אים ליב דערפאַר?...

* * *

הערט מען, און יעדערער באַזונדער
קוקט אויף קוגאַר מיט ליבע
און מיט וווּנדער.
און די קינדער זאָגן: „מאַמע,
כ'בין שוין זאַט. כ'וויל ניט עסן.
זאָל מיין פּאָרציע קוגאַר עסן"...

— — — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער, זאָט און פול מיט רו,
איך רוק מיין שטול צום אויוון צו,
זיץ און רויכער מיין ציגאַר.
נעבן מיר, שטיל, ליגט קוגאַר.
און אויף קוגאַר, אין גרויען קנויל,
ביידע קעצלעך ליגן פויל.

שטוב איז וואַרעם, אויוון גליט,
און דער אָוונט רויִק ציט.
און די שטילקייט קריכט אין אויער,
עקבערט דאָרט און בויערט, בויערט.
און דער זייגער טיקט פאַרטראַכט,
וויגט זיין צינגל: נאַכט! נאַכט!

און אין קאַבינע פון די „פאַרם-הענט"
כראָפּען מיט דער דיל און ווענט...
און די קינדער — לאַנג שוין שלאָפן.
זאָגט מיין ווייב:
„ס'איז שוין שפּעט,
האָסט געַנוג זיך אָנגעלאָפן,
צייט אויך דיר צו גיין אין בעט".

זאָג איך:
— יע, מיין ווייב, האָסט צוגעטראָפן!

האָב איך טירן צוגעשלאָסן,
האָב די לאָמפּן אויסגעלאָשן
און געלייגט זיך שלאָפן.

— — — — — — — — — — — — — — —

כ׳הער דורך שלאָף — מו־ו־ו! און מו־ו־ו!
(מיין שלאָף איז ניט קיין שווערער,
דעם מינדסטן שאָרך דערהער איך.)
כאַפּ איך אויף זיך, הער זיך צו —
יע, אָן אויפהער און אָן רו
טראָגט דאָס מרוקען פון מיין קו,
פונקט ווי זי וואָלט שרייען — ה ע ל ף!
טראַכט איך:
וועלף! שוין ווידער וועלף!

ווינטער הונגערט וואָלף אין וואַלד,
און די נאַכט איז לאַנג און קאַלט,
קומט דער שינדער צו די שטאַלן —
דאַרט אַ שעפּס צי קו באַפאַלן.

טו איך איילענדיק זיך אָן,
כאַפּ מיין יעגער־ביקס פון וואַנט
און מיט פיבערדיקער האַנט
כ׳שטופּ די קוילן, לאָד אים אָן.

כאַפּ עלעקטרישן פאָנאַר,
טו אַ פייף, אַ רוף: — „קוגאַר!"
שפרינגט מיין שוואַרצער גלייך צו מיר
און מיט געבריל ער רייסט די טיר.

לויפן מיר אין הויף אַרויס —
שניי איז טיף, און פראָסט איז גרויס,
און לבנה ליכטיק שטראַלט.
כ׳זע — מיין שטאַל איז אויפגעפּראַלט,

און פון קוקורוזע־פעלד,
ווו אין סטויגן אָנגעשטעלט
ליגן סנאָפּעס שניי־באַדעקט,
טראָגט דאָס מרוקען — „מו־ו־ו! און מו־ו־ו!"

כ'קלעטער פּלויט און קוק זיך צו
יע, ס'איז זי, מיין רויטע קו.
שטייט לעם קוקורוזע־סנאָפּ
מיט אַן איינגעבויגן קאָפּ,
ווי זי וואָלט מיט שאַרפן האָרן
קעגן פיינט דאָרט געקעמפט מיט צאָרן.

זאָג איך: — קוגאַר, ווי מיר שיינט,
הינטער סנאָפּ, דאָרט, שטייט דער פיינט.
שאַרף, מיין שוואַרצער, דיינע ציין!
לאָז אין אים קיין גאַנצן ביין!
טו מיט גבורה זיך אַ וואָרף,
און מאַך פון שינדער דאָרט אַ סוף!

לאָזט זיך קוגאַר מיט געוווי.
איך, אויף פּלויט, מיט ביקס אַזוי,
ציל צום קוקורוזע־סנאָפּ
און וואַרט ביז וואָלף שטעקט אַרויס זיין קאָפּ.

כ'קוק מיט שרעק, האַלט אָטעם איין —
קוגאַר שפּרינגט אין סנאָפּ אַריין
און...
וואָס איז דאָרט? כ'הער קיין בילן!
פירט ער דאָרט אַ קאַמף אַ שטילן?
האָט מיין קוגאַר זיך פאַרלאָרן?
וואָס איז מיט מיין הונט געוואָרן?

אַט, און קוגאַר שפּרינגט פון סנאָפּ
און לאָזט אין פעלד זיך אין גאַלאָפּ!
טוט אַ שפּרונג, אַ טאַנץ, אַ דריי,
טוט אַ קייקל זיך אין שניי,
און אַט איז ער ביים סנאָפּ צוריק!
אַט, פאַרסאָפּעט, און צעהיצט,
און מיט אויערן פאַרשפּיצט
ער יאָגט מיט האַסט צו מיר צוריק.

שריי איך: — קוגאַר! פראַוועסט שטיק?
גיי צוריק, דו הונט! צוריק!
האָסט אַ וועלפּיכע דערשמעקט?
וועלפיש בלוט אין דיר דערוועקט?

כ׳קריך פון פלויט מיט שרעק אין האַרץ:
בילדער מאָלן מיר זיך שוואַרץ
ווי קוגאַר ווערט ווי וואָלף אין וואַלד
און וועט אַ שפּרונג טאָן אויף מיר באַלד
און איינזינקען זיין צאָן אין מיר.

און טאַקע, קוגאַר שפּרינגט אויף מיר
און... לעקט מיין פּנים, בילט מיט פרייד,
שלעפּט ביים אַרבל — רעדט אָן רייד —
ווי איינער זאָגט: „קום, קום, קום!”
און ער קוקט מיר אין די אויגן שטום.

טראַכט איך: עפּעס איז געשען!
מען דאַרף צוגיין, מען דאַרף זען.
זאָג איך: גוט, מיין קוגאַר, גיי!
און איך פאָלג נאָך אין טיפן שניי
מיט ביקס אין האַנט צום שיסן גרייט,
אויב עס קומט געפאַר און נויט.

טאַנצט מיין הונט מיט פרייד פּאָרויס,
האַלט די אויערן פאַרשפּיצט,
לויפט און שפּרינגט, און ציט זיך אויס
ווי אַ קעצל שטיפט ער איצט!

און פון ווייט, מיין רויטע קו
רופט און רופט: — „מו־ו־ו, מו־ו־ו, מו־ו־ו!”

כ'אייל צום סנאָפּ און בלייב באַלד שטיין:
כ'זע אַ קעלבל רויט און קליין
ליגט און ציטערט אונטער סנאָפּ,
און די קו — זי טרעט ניט אָפּ!
הערט ניט אויף איר קינד צו לעקן —
וויל עס מיט ווארעמקייט באַדעקן.

האָב איך לאַנג דאָ ניט געטראַכט
און די קאַלב אין שטוב געבראַכט.
אויסגעבעט איר אויפן דיל,
און געלאָזט זי ליגן שטיל.

נאָכדעם קו אין שטאַל פאַרטריבן,
און האָב שלאָפן זיך געקליבן.
זאָג איך: קוגאַר, איך גיי שלאָפן.
האַלט, מיין פריינד, דיין אויער אָפן —
האַלט אַן אויער אויף דער שטאַל!...
מיטאַמאָל טוט טיר אַ פּראַל
און די רויטע — מיט אַ „מו־מו־ו!”
שפּרינגט אין הויז צום קעלבל צו.

פון גערודער און שטופעריי,
פון געבריל און האווקעריי —
אויפגעוואכט האָט ווייב און קינד
און דאָס גאַנצע הויזגעזינד.

* * *

נו, איז דאָס געווען אַ נאַכט! —
מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט!

פול געווען אין הויז מיט רייד.
און די קינדער — פול מיט פרייד!
זיך צוגעשאַרט ווי קעצלעך שטיל
צו דעם קעלבל אויפן דיל,
און מיט ציטער עס געגלעט,
און געפּלאַפּלט, און גערעדט,
און געקוואָלן און געפרעגט.

כ'האָב דערציילט פון אָנהייב־אָן:
וואָס געשען, און וואָס געטאָן,
און פאַרוואָס, און וויאַזוי;
און פון סנאָפּ באַדעקט מיט שניי,
און פון קוגאַר — גאָר באַזונדער!
ווי דער שוואַרצער — ס'איז אַ וווּנדער —
האָט דערפרייט זיך מיטן קעלבל,
האָט צעלאָזט זיך ווי אַ שוועלבל,
מיט געשוועב און מיט גערדריי
איבער פעלדער טיף מיט שניי.

זיצן קינדער פול מיט וווּנדער
אַרום קעלבל אויפן דיל,
און אין קעפּעלעך באַזונדער
מאָלן בילדעלעך זיך פיל.

צווישן קינדער איינגעקלאַמערט
ליגט קוגאַר אין האַלבן דרימל;
אויף זיין רוקן, ווי אויף סאַמעט,
די גרויע קעצלעך צוויי, ווי תמיד,
ליגן איינגעקנוילט אין דרימל.

און די רויטע, כאָטש אַ מאַמע,
איז אַ שטיפערקע גאָר גרויס:
לעקט איר קעלבל, און צוזאַמען
לעקט זי קינדערס קעפּלעך אויס.

לאַכן קינדער, לאַכן הויך: —
„רויטע מיינט, איך קעלבל אויך!"

און די רויטע רעדט אָן רייד, —
שטומע מאַמע דאַרף קיין רייד!
לעקט דאָס קעלבל, לעקט אַ קינד: —
„זיינען מיר דאָך איין געזינד!"

און זי קערט איר קאָפּ צו מיר,
כאַפּט אַ גנביש קוק צום טיר —
טיר איז צו. — „יאָ, איין געזינד!"
און זי לעקט מיין אַנדער קינד.

נו, וואָס זאָגט איר ניט דערצו?
גלויבט זיך דאָס אייך אויף אַ קו?
כ׳פרעג אייך? — וועט איר זאָגן: קלוג?
ניין! „קלוג" איז ניט גענוג!
איך זאָג אייך, —
ס׳איז אַ מזיק, ניט קיין קו!

* * *




# שאראדע און רעטעניש

## מאָדנע

בערעגע, וועלפענע, ציגענע בערד —
האָבן ניט קיין אָקסן.

טיגער, און ביבער, און פּאַנטער, און פערד —
עסן ניט קיין לאָקשן.

זעברא, און קאָברא, און אָראַנג-אוטאַנג —
זײַנען ניט קיין ציגן.

העלפאַנט, און היפּאָ, דעם לייב, און די שלאַנג —
וויגט מען ניט אין וויגן.

מאַלפּע און קעמל, דער וואָלף און די שעפּס —
זײַנען ניט קיין ברידער.

וואַלפיש און ביינפיש, וואַלרוס און קליינפיש —
זינגען ניט קיין לידער.

איז עס מאָדנע, מאָדנע אײַנגעשטעלט!
אין אַ מאָדנער, מאָדנער קלוגער וועלט!

## אין דעם מאָלערס „זו“

.1

דער מאָלער זאָגט:

ער מעג זיך מאַכן אַ געבריל,
איך מאָל דעם ....... אָט ווי איך וויל:
צוערשט איך מאָל דאָס לעצט פון מויל,
וואָס וואַרפט אויף אַלץ אַ שרעק, — אַ גרויל!
דאָס צווייטע, פון די שאַרפע ציין,
וואָס זיינען שטאַרקער פון שטאַרקסטן ביין.
און איצט, דאָס ערשטע פון זיין ברומען —
נעענטער איז אַ מורא קומען!
איך מעג נאָך מאָלן ווי ריזיק־שטאַרק
זיין לאַנגער עק איז, און גרויסער קאַרק,
צו טרעפן דאָס, איז גאָר קיין תורה,
דאָס איז אַ ....... צו זען אַ מורא!

.2

דער מאָלער זאָגט:

ער מעג זיך זיין פלינק און ווילד,
איך מאָל פון ....... אַזוי אַ בילד:
צוערשט, איך מאָל דאָס לעצט פון זייט —
אַך, קען ער שפּרינגען הויך און ווייט!
דאָס צווייטע מאָל איך פון די פיס,
וואָס זיינען ווי פון אַ קאַצן־ריז.
און איצט, דאָס לעצט פון רויטן צונג,
וואָס איז דין — ווי אַ מעסער־קלינג!
און נאָר דעם אָנהייב פון זיין עק,
און ווייטער גייט עס פלעק נאָך פלעק.
צולעצט, דאָס דריטע פון זיין קאַרק,
וואָס איז אי וויים, אי רויט, אי שטאַרק.
צו טרעפן דאָס איז זייער גרינג, —
דאָס איז אַ ....... שטאַרק און פלינק.

.3

דער מאָלער זאָגט:

ער מעג זיך וויגן הין און הער,
איך מאָל אַ ...... אָן שום שטער:
דאָס ערשטע, מאָל איך פון זיין בויך,
וואָס טראָגט פון האָניק אַ גערויך;
און פון זיין ברוינער פעל — דאָס צווייטע.
אַמאָל איז אויך זיין פעל אַ רויטע.
(איך וואָלט צום עק זיך מאָלן נעמען,
איז עס קורץ, ניט אָנצונעמען.)
מאָל איך איצטער אוים צולעצט
פון זיין אויער — בלויז דאָס לעצט.
צו טרעפן דאָס איז גאָר ניט שווער, —
דאָס איז אַ גרויסער, ברוינער ......

.4

דער מאָלער זאָגט:

זי מעג זיין רויט, אָדער זילבער-גרוי,
איך מאָל אַ ...... מיר אָט אַזוי:
דאָס ערשטע, מאָל איך פון איר פעל,
און לאָז נאָר אוים די לעצטע „על”.
דאָס צווייטע, זעט, איר מעגט זיך קוקן, —
דאָס, מוז איך מאָלן פון איר רוקן.
און איצטער, זעט איר, מעק איך אָפּ
די לעצטע צוויי פון איר קלוגן קאָפּ.
(איך קען פון פוכיקן עק דאָס צווייטע מאָלן,
נאָר צו וואָס אַ חכמה ווידערהאָלן?)
צולעצט, איך מאָל — איר טרעפט געוויס —
דאָס לעצטע פון די פלינקע פיס.
איצטער, קינדער, טוט אַ טראַכט
און איר האָט אַ ...... פראַכט!

.5

דער מאָלער זאָגט:

ער מעג זיך זײַן גאָר אײדל, מילד,
איך מאָל פֿון ....... אַזוי אַ בילד:
דאָס ערשטע, פֿון די האָר איך מאָל,
וואָס זײַנען גרוי, אי ברוין אַמאָל.
און פֿון די פֿיס — איך מאָל דעם מיט —
ווײַל זײ טרעטן מיט גרינגע טריט.
דאָס דריטע, מאָל איך פֿון זײַן האָרן,
וואָס פֿאַרצווײַגט איז ווי אַ דאָרן.
און איצט, פֿון שפּרונג, דעם אָנהייב נאָר —
אַך, ווי אַ פֿויגל שוועבט ער גאָר!
דאָס טרעפֿן, וועט איר דאָך געווים,
דאָס איז אַ ....... מיט פֿלינקע פֿיס.

.6

דער מאָלער זאָגט:

ער מעג זיך זײַן ניט זײער גרוים,
איך מאָל אַ ....... אַזוי מיר אוים:
דאָס ערשטע — איז אַ פּלאַן אַ גוטער —
צו מאָלן פֿון נאָמען פֿון זײַן מוטער,
וואָס האָט געגנוג געשאַרפֿט די צײנער
איבער שעפּסן-נאַקן, שעפּסן-בײנער.
דאָס צווײטע, מאָל איך פֿינקטלעך אָפּ
פֿון פֿרעסערם בײזן, גרויען קאָפּ.
דאָס דריטע, פֿון זײַן שוואַרצן מויל,
וואָס איז צו רײַסן קײנמאָל פֿויל.
צולעצט, דאָס ערשט פֿון פֿעל דער גרויער,
וואָס ברוינלעך איז פֿון עק ביז אויער.
צו טרעפֿן דאָס — עס קען אַ בלינדער!
דאָס איז דער ....... דער בײזער שינדער.

.7

דער מאָלער זאָגט:

ער מעג זיך זיין ריזיק־גרויס,
איך מאָל אַ ...... אַזוי מיר אויס:
דאָס ערשטע, מאָל איך פון די האָר —
(אָך, אַ טעות! ער האָט קיין האָר.)
מאָל איך ס'דריטע פון זיין אויער,
אפשר דאָס פערטע
וואָס פאַרמאַכט זיך ווי אַ טויער.
און איצט, דאָס לעצטע פון זיין מויל,
וואָס האַלט צוויי לאַנגע ציינער הויל.
פון פיס איך מאָל דעם אָנהייב בלויז, —
פיס, ווי קלעצער גראָב און גרויס.
און פון זיין קורצן האַלדז — דאָס צווייטע,
ווייל ס'איז אַן אומגעלומפּערט ברייטע.
און איצט, דעם אָנהייב פון זיין נאָז,
וואָס ווי אַ האַנט אים ברענגט צום מויל דאָס גראָז.
צולעצט, איך מאָל פון הינטן זייט דאָס לעצט,
וואָס איז מיט קנייטשן פול באַזעצט.
צו טרעפן דאָס, קען יעדער איינער,
דאָס איז אַ ...... אַ באַרג פון פלייש מיט ביינער.

.8

דער מאָלער זאָגט:

ער מעג זיך עסן גראָז, אי היי, אי שטרוי,
איך מאָל דעם ...... אָט אַזוי:
צוערשט, דעם אָנהייב פון זיין קאָפּ,
וואָס נאָר צום עסן ער לאָזט אַראָפּ.
און פון זיין קאָפּ — אי קליין, אי שמאָל —
איך צי אַ ליניע באַרג אַראָפּ
און באַרג אַרויף, און נאָכאַמאָל
אַ באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ,
ביז צום דינעם קורצן עק,
און מאָל דאָס ערשטע אויס פון עק.
און איצט, דעם אָנהייב — ס'איז גענוג —
פון זיין מויל אַריסטאָקראַטיש־קלוג.
דאָס דריטע, מאָל איך פון זיין האַלדז גאָר שמאָל
און אויסגעבויגן ווי אַן אָל.
די פיס, די לאַנגע, מעג איך מאָלן, —
איך וועל דאָ גאָרנישט ווידערהאָלן.
דאָס טרעפן קען סיי יונגער און סיי אַלטער,
דאָס איז דער ...... דער גרויסהאַלטער.

# רעטעניש

הינטער מויער,
הינטער טויער,
הינטער רויטע טירן,
שטייען רויטע רונדע בערג, —
צוויי רויטע רונדע בערג.
שטייט איין באַרג — קאָפּ אַראָפּ,
און דער צווייטער — קאָפּ אַרויף.
סיי אויף באַרג קאָפּ־אַראָפּ,
און סיי אויף באַרג קאָפּ־אַרויף —
זעכצן, זעכצן ווייסע וועכטער
שטייען, היטן — בראַווע פעכטער! —
דעם אַריינגאַנג,
דעם אַרויסגאַנג
פון די רויטע טירן.
שאַרפע יונגען זיינען זיי!
האַרטע זייטן האָבן זיי!
קומט נאָר עפּעס וואָס אַנטקעגן
צו די יונגען אויף די וועגן, —
פאַלן אָן די בראַווע פעכטער,
די זעכצן, זעכצן ווייסע וועכטער,
און צעשניידן עס אויף תל!
און צערייבן עס אויף מעל!
איצטער, קינדער, געזונט און שיין,
איר האָט אַלע ווייסע ציין,
און איר האָט אַ מויל צום ריידן, —
פּרובירט די רעטעניש באַשיידן;
טרעפט: ווער זיינען די בראַווע פעכטער,
די זעכצן, זעכצן ווייסע וועכטער?

## רעטעניש

עס האָט קיין צונג, עס האָט קיין מויל,
עס האָט קיין ווילן, — שטענדיק פויל!

עס איז ניט לעבעדיק, עס איז ניט טויט,
עס איז אי שוואַרץ, אי בלוי, אי רויט.

און גרינג איז עס — אָט ווי היי!
און טרינקען, טרינקט עס שוואַרצן טיי.

און לאָזט עס טאַנצן אויף ווייס פּאַפּיר,
איז וואָס דו ווילסט, דערציילט עס דיר.

## וויפיל

איינמאָל, אין אַ שיינעם פרילינג,
גיי איך זען מיין צווייטן צווילינג.
גיי איך אָפּ אַ צוויי, דריי, טעג,
באַגעגן איך אויף ברייטן וועג —
גייען גייען, זיבן שרייבער.
יעדער שרייבער פירט זיבן ווייבער;
יעדעס ווייב טראָגט זיבן זעק,
יעדער זאַק האָט זיבן פּעק;
יעדער פּאַק האָט זיבן פּעקלעך;
יעדעס פּעקל — זיבן שטעקלעך.
שטעקלעך, פּעקלעך, פּעק און זעק,
ווייבער, שרייבער אויפן וועג
אין דעם שיינעם פרילינג —
וויפיל גייען זען מיין צווילינג?

**ענטפערס צו שאַראַדע און רעטעניש:**

1) לייב. 2. טיגער. 3) בער. 4) פוקס. 5) הירש. 6) וואָלף.
7) העלפאַנט. 8) קעמל. 9) ציין. 10) אַ פען. 11) איינער.

# אינהאַלט:

ביכער פון דוד ראַדין

ווינקאַוונקעלע — 1935

די דריי באַרימער — 1940

אַלעף אַורעמל — 1946

THE THREE TALL TALE TELLERS 1952

(פון יידיש)

איתן והדב (פון יידיש) — 1953

הסמל מאיר לוין (פון יידיש) — 1957

דער שמעטערלינג — 1965